# הונדערט יאר שלום עליכם

**1959—1859**



## דערציילונגען און סצענקעס

# אינהאַלט




אַרויסגעגעבן דורכן
ועד החינוך המרכזי בארגנטינה
צענטראַל - אָרגאַניזאַציע פאַר חינוך אין אַרגענטינע
בוענאָס איירעס 1959 — ה׳תשי״ט

ל. לעהרער

# שלום עליכם

אין דעם קליינעם שטעטל פערעיאַסלעוו, אוקראַינע, האָט געוווינט ר' נחום מיט זיין ווייב חיה-אסתר. גאָט האָט זי געבענטשט מיט צוועלף קינדער. ווילע און פיינע קינדער. אָבער מער פון אַלע-מען האָט מען ליב געהאַט דאָס דריטע קינד, שלום.

ווייל דער קליינער, פלינקער שלום, איז אין חדר געווען דער בעסטער תלמיד. ער האָט זיך זייער גוט געלערנט, און די עלטערן האָבן פון אים אַנגעקוואָלן. דערצו האָט ער אַרויסגעוויזן גרויס טאַלאַנט נאָכצומאַכן ווי מענטשן רעדן, ווי זיי באַוועגן זיך און וואָס זיי טוען. ער האָט דאָס געטון אַזוי קונציק, אַז אַלע האָבן געקייכט פון געלעכטער.

דאָס דאָזיקע יינגל, שלום, דאָס דריטע קינד פון די ראַבינאָ-וויטשעס, דער שטיפער, דאָס איז געווען אונדזער טייערער, ליבער און גרויסער שרייבער שלום עליכם.

שלום ראַבינאָוויטש, — שלום עליכם — איז געבוירן געוואָרן דעם צווייטן מערץ 1859, דער פאָטער איז געווען אַ קענער פון דער העברעישער ליטעראַטור. ער האָט געפירט אַ סך געשעפטן, אָבער קיין גרויס הצלחה האָט ער נישט געהאַט, פונקט ווי מנחם-מענדל, דער באַרימטער העלד פון שלום עליכמס מעשיות. אויסגעהאַלטן דאָס הויז האָט די מוטער, — פון איר קלייט.

ווען שלום איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר — בר-מצווה, איז די מוטער געשטאָרבן. אין הויז איז אַריינגעקומען אַ שטיפמאַמע. דער פאָטער האָט פאַרלאָרן זיינע געשעפטן, אין הויז איז געוואָרן זייער ענג. אָבער דער פאָטער האָט גוט אַכטונג געגעבן אויף זיין פעיִקן זון, ער האָט אים געשיקט לערנען אין דער רוסישער שול. שלום

האט זיך אויך דארטן זייער גוט אויסגעצייכנט. ער האט אויך ווייטער געלערנט יידישע לימודים און גוט געקאנט תנ״ך.

אויף זיין אכצענטן יאר, קומט ער אן אלעם לערער צו דעם יידישן גוט-באזיצער אלימלך לאיעוו, אין דעם גוט „סאפיעווקע״. דארטן בלייבט ער דריי יאר, „די שענסטע, די בעסטע און די גליקלעכסטע יארן״, אזוי דערציילט שלום עליכם אליין וועגן יענע יארן. דא, אויפן דארף, האט שלום עליכם אנגעהויבן שרייבן; צו ערשט



דער קליינער שלום שרייבט

ארטיקלען, און דערנאך דערציילונגען און ראמאנען און אפילו לידער און דראמעס. זיין שילערן, די איינציקע טאכטער פון דעם גביר, פארליבט זיך אין איר שיינעם לערער, שלום ראבינאוויטש, און זיי האבן חתונה. דאס יונגע פארפאלק באזעצט זיך אין דער גרויסער שטאט קיעוו.

שלום עליכם ווערט א מיטארבעטער אין א סך צייטונגען און זשורנאלן, אין רוסלאנד, אין פוילן און אויך אין אנדערע לענדער, ווו עס דערשיינען יידישע צייטונגען און זשורנאלן. און ער ווערט בארימט און באליבט אויף דער גאנצער וועלט.

די העלדן פון זיינע דערציילונגען זיי: מנחם-מענדל, שיינע-שיינדל, זיין ווייב; טוביה דער מילכיקער און זיינע טעכטער; מאָטל פייסי דעם חזנס, און נאָך אַ סך, אַ סך אַנדערע, זיינען געוואָרן זייער פּאָפּולער צווישן פאָלק.

אין 1905 איז שלום עליכם געקומען קיין אַמעריקע. ער איז לאַנג דאָ נישט פאַרבליבן. ער האָט געבענקט אַהיים. אין 1908 האָט שלום עליכם געמאַכט אַ רייזע איבער יידישע שטעט אין פּוילן. אין מיטן טור איז ער שטאַרק קראַנק געוואָרן, אַז עס איז אים בעסער געוואָרן איז ער אַפּגעפאָרן אין אַ וואַרעמערן קלימאַט, קיין איטאַליע.

סוף 1914, איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט-מלחמה, האָט שלום עליכם, אין אָנהייב 1915, זיך געראַטעוועט מיט זיין פאַמיליע קיין אַמעריקע. אויך אין אַמעריקע האָט ער ווייטער פיל געשריבן, אָבער זיין געזונט האָט זיך פאַרערגערט... ער האָט אָנגעהויבן ליידן



שלום עליכם מיט זיין עלטסטן זון — מישא

אויפן הארץ און אנדערע קראנקייטן. פסח, אין 1916, ווערט ער ערנסט קראנק. אלע מיטלען וואס דאקטוירים האבן באנוצט האבן נישט געהאלפן. שבת דעם 13טן מיי, איז ער געשטארבן.

צענדליקער טויזנטער מענטשן זיינען געקומען צו זיין לוויה. זיין קבר געפינט זיך אויפן הר הכרמל-בית-עולם פון ארבעטער-רינג אין ניו-יארק.

---

איבער דער גאנצער וועלט, אומעטום וווּ יידן לעבן, קומען פאר גרויסע פארזאמלונגען לכבוד דעם הונדערטסטן געבוירנטאג פון דעם גרויסן באליבטן שרייבער, שלום עליכם. אלע צייטונגען און זשורנאלן דערציילן וועגן דעם שרייבער, וואס גיט אונדז אזוי פיל פרייד.

לכבוד דער געלעגנהייט האט די ישראל-רעגירונג ארויסגעגעבן א פאסט-מארקע מיטן בילד פון שלום עליכם.



שלום עליכם און זיינע אייניקלעך

י. אַדלער

# שלום עליכם

(אַ פאַנטאַזיע)

ס׳וועט קומען דער לוסטיקער דיכטער אין הימל,
און ס׳וועלן מלאכים אַ פאַרלעזונג מאַכן.
און שלום־עליכם וועט לעזן „באַרדיטשעװ",
און מאַכט דאַרט אַלע מלאכים צום לאַכן...

דער בורא וועט זיין פון דעם „אַזוּנט" דער נשיא,
און האַלטן אַ שיינע באַגייסטערטע רעדע;
און פאַרשטעלן וועט ער דאָרט שלום־עליכם:
„דאָס העכלעכסטע קינד פון דער יידישער עדה".

און אַלע מלאכים זיי וועלן מיט שמחה
שלום־עליכמען הערן און הערן,
און לאַכן װאָס שטאַרקער און לאַכן וואָס — מערער,
און פריילעכער וועט אין די הימלען דאָרט ווערן...

# די געפערלעכע מצה

אמאל איז געווען א מלך. דער מלך איז געווען א גרויסער און א שטארקער, נאר ער האט נישט ליב געהאט קיין יידן. האט ער ארויסגעגעבן אלע מאל אויף זיי נייע גזירות, ווי פרעה מלך מצרים.

איינמאל — פסח איז דאס געווען — האבן זיך צונויפגעקליבן ביי אים אין סענאט אלע מיניסטארן און מע האט זיך אוועקגעזעצט— טראכטן, וואס פאר א נייע גזירה זאל מען ארויסגעבן אויף די יידן?

יידן זאלן נישט טארן זיצן אומעטום — איז שוין דא. יידן זאלן נישט טארן זיין קיין אפיצירן — איז שוין דא. יידישע קינדער זאלן נישט טארן לערנען אין די גימנאזיעס — איז שוין דא.

איז איינעם איינגעפאלן, ער זאל ארויסטרעטן קעגן מצה. איז ער ארויס מיט א מסירה — אזוי און אזוי. דיינע יידעלעך, אז עס קומט פסח, באקן זיי אן אויף אכט טעג כסדר אזעלכע טרוקענע קיילעכיקע קארזשעלעך, וואס מע רופט זיי מצה. ווער ווייסט, וואס דאס איז פאר א מין מאכל! עס וואלט געווען מער ווי רעכט, מע זאל זיי פארבאטן עסן מצה.

האט זיך דער מלך פארטראכט און ארויסגעגעבן א באפעל, מע זאל אים ברענגען א מצה.

האט מען זיך צעלאזט איבער דער הויפטשטאט זוכן א יידן, נאר מע האט נישט געקאנט געפינען קיין יידן. און אז מע האט געפונען א יידן און געפאדערט פון אים א מצה פארן מלך, — האט ער געשווארן, אז ער עסט נים קיין מצה. (די יידן האבן פארשטאנען אז דאס מוז זיין א נייע גזירה).

קוים מיט צרות מיט לייד האט מען געפונען א יידן, וואס האט נים מורא געהאט אויסצוזאגן, אז ער עסט מצה. און מע האט גענומען ביי אים א מצה און מע האט געבראכט די מצה אין סענאט פארן מלך. —

דער זען די מצה, איז זי דעם מלך געפעלן געווארן, און ער האט

זי פאַרזוכט און שטיקלעכווייז געגעסן-געגעסן, ביז ער האָט זי אויפגעגעסן.

און אַז ער האָט זי אויפגעגעסן, האָט זיך דער מלך געפילט נישט גוט. און אַלע מאָל ערגער און ערגער. און אַז ס'איז אים געוואָרן גוט שלעכט, האָט מען אַראָפּגעבראַכט די גרעסטע דאָקטוירים מיט די גרעסטע פּראָפעסאָרן פון לאַנד, און זיי האָבן אויסגעפונען, אַז ביים מלך אין בויך געפינט זיך עפּעס אַ זאַך, וואָס טוט אים צום טויט.

האָט דער גרעסטער פון די פּראָפעסאָרן צוגעלייגט אַן אויער צו דעם מלכס בויך און גענומען זיך צוהערן. הערט ער ווי עמיצער זינגט דאָרטן. רופט ער זיך אָן צום מלך: „אדוני קעניג! אויב דו וועסט מיר דערלויבן, וועל איך זיך דורכרעדן מיט דעם, וואָס געפינט זיך ביי דיר אין בויך". זאָגט צו אים דער מלך: „רעד". רופט זיך אָן דער פּראָפעסאָר צו דעם וואָס ביים מלך אין בויך: „זאָג מיר, ווער ביסטו?". ענטפערט אים יענער: „איך בין אַ ייד". „וואָס טוסטו דאָ?". „גאָרנישט". „אפשר ווילסטו אַרויס?". „איך וויל נישט". „פאַר וואָס?". „דאָס איז מיין עסק". „גייסטו אַרויס, באַקומסטו אַ מתנה". „מיר ווייסן שוין, וואָסער אַ מתנה: מע שיקט מיך אַרויס אין פיר און צוואַנציק שעה". „פאַר וואָס?". „דערפאַר, וואָס איך בין אַ ייד, און אַ ייד טאָר דאָ ניט זיין". „אָבער אַז מען וועט דיר צוזאָגן, אַז דו מעגסט דאָ זיין?". „מיר אַליין איז בלאָטע; איך וויל אַז אַלע יידן זאָלן דאָ מעגן זיין".

פונעם דאָזיקן שמועס האָט דער מלך זיך געפילט ווייטער נישט גוט. דער ייד האָט גערעדט מיט די הענט און מיט די פיס און מיט אַלע אברים, און דער מלך האָט געמיינט אַז ס'איז אַן עק פון זיין לעבן. האָט ער אָנגעהויבן בעטן ביי די פּראָפעסאָרן, זיי זאָלן זען מאַכן אַן עק. רופט זיך אָן דער עלטסטער פון די פּראָפעסאָרן צו דעם וואָס ביים מלך אין בויך: „דער מלך זאָגט דיר צו, אַז דו וועסט דאָ מעגן זיין וויפל דו ווילסט". „האָב איך דאָך געזאָגט שוין, אַז פאַר מיר אַליין איז בלאָטע; איך וואָלט וועלן, אַז אַלע יידן זאָלן מעגן". „גוט, אַלע יידן וועלן מעגן, אַבי גיי אַרויס וואָס גיכער". „ווער זאָגט דאָס?". „דאָס זענען מיר, דאָקטוירים, און אַזוי איז דער ווילן פונעם מלך". „פון וואַנען ווייס איך דאָס"?. „האָסט דאָך געהערט, ווי דער מלך זאָגט". „דער מלך זאָגט — דאָס איז נאָך אַלץ ווייניק. איצט, אַז מע טוט אים ווי, זאָגט ער: שפּעטער, אַז

ס'וועט אים אויפהערן ווי טון, וועט ער זאגן עפעס אנדערש. אזוי ווי פרעה מלך מצרים". „וואס זשע ווילסטו?". „וויל איך, ער זאל עס התמענעו, ארויסגעבן אויף פאפיר, דורכפירן דורכן סענאט"...

און דער ייד, וואס ביים מלך אין בויך, האט גענומען אזוי שטארק ווארפן מיט הענט און מיט פיס, אז דער מלך האט שוין מער נישט געקאנט איבערטראגן די ווייטיקן. האט ער געהייסן, מע זאל צונויפרופן די מיניסטארן און מע זאל אנשרייבן א פאפיר, צוליינגן דעם מלכס חתימה און דורכפירן דורכן סענאט א נייעם געזעץ, אז יידן מעגן וווינען דא אין דער קרוינשטאט און אומעטום אינעם גאנצן לאנד פראנק און פריי — והכל שריד וקיים.

און ווי נאר דער ייד האט דאס דערהערט, האט ער זיך געגעבן א שפאר ארויס דורכן מינדסטן פינגערל פונעם מלכס לינקער האנט, זיך פארנייגט פארן גאנצן סענאט און איז גלייך אוועק צו זיינע ברידער זען צי מען איז מקיים דעם מלכסווארט...



# די סוכה

## א

פאראן מענטשן, וואס האבן קיין זאך נישט געלערנט און קאנען אלצדינג, אין ערגעץ נישט געווען און וויסן אלצדינג, אויף קיין זאך זיך נישט פארטראכט און פארשטייען אלצדינג.

אט אזא מענטש איז געווען ביי אונדז אין כתרילעווקע און גערופן האט מען אים: „איין מאל משה".

דערפאר האט מען אים גערופן „איין מאל משה" ווייל אויף יעדער זאך, וואס ער האט געזען, געהערט אדער געטאכט, האט ער ליב געהאט צו זאגן: „שוין איין מאל אזוי".

— מען האט געטראגן אן אינדיק אויף פסח — שוין איין מאל אן אינדיק!

— מארגן וועט זיין א פראסט אין דרויסן — שוין איין מאל א פראסט!

— אוי, יידן, בין איך אן ארימאן — שוין איין מאל אן ארימאן! און אזוי אלצדינג.

נישט געווען איין זאך אויף דער וועלט, וואס „איין מאל משה" זאל דאס נישט קאנען מאכן: א שטוב, איז א שטוב, א זייגער איז א זייגער, א מאשין איז א מאשין, א לעמפל, א דריידל, א קראן, א שפיגל, אן עמער, א שטייג, — און וואס נישט?

אמת, קיינער האט נישט געקאנט אנווייזן אויף די הייזער, אויף די זייגערס מיט די מאשינען, וואס זיינען ארויס פון זיינע הענט, נאר אלע זיינען געווען איבערצייגט, אז משה קאן. אז מען האט משהן ניט צעריסן אויף שטיקלעך, איז ער געווען איינער א גליק-לעכער! האט זיך איבערגעדרייט א שלאס — צו וועמען איז מען געגאנגען? — צו משהן.

האט זיך געשטעלט א זייגער — צו משהן. פארשטאפט דער קראן פון דעם סאמאוואר און עס קאן זיך נישט צאפן — ווידער אמאל „איין מאל משה".

אמת, דעם איבערגעדרייטן שלאָס. האָט מען מאַקע נאָכדעם פאַרוואָרפן אַן איבערגעדרייטן ערגעץ אויף אַ שאַפע; דעם זייגער האָט מען געמוזט אָפּגעבן צום זייגערמאַכער און דעם סאַמאָוואַר צום קעסלער; נאָר „איין מאָל משה" איז געבליבן דער זעלבער „איין מאָל משה" וואָס פריער.

מיט דעם דאָזיקן „איין מאָל משה" זיינען מיר געוואָרן גאַנץ נאָענטע שכנים אין איין דירה אונטער איין דאַך.

## ב

— איך בעט דיך, זאָלסט מיר געזונט זיין, וואָס וועלן מיר טאָן מיט אַ סוכה?

אַזוי רופט זיך אָן די מאַמע צום טאַטן אין איינעם פון עשרת ימי תשובה.

— דו קערסט אודאי וועלן זאָגן: וואָס וועלן מיר טאָן אָן אַ סוכה? — אַזוי ענטפערט איר דער טאַטע. און פּלוצלונג, ווי ער וואָלט זיך ערשט דערמאָנט, שרייט ער אויס לעבעדיק:

— שאַ. מיר האָבן דאָך עפּעס אַ שכן משה, „שוין איין מאָל משה".

— ווי רעכנט איר, רב משה, צו שטעלן די סוכה? — פרעגט דער טאַטע ביי „איין מאָל משהן". און „איין מאָל משה", פאַררייסן דאָס היטל און פאַרטראַכט ווי אַ גרויסער אַרכיטעקטאָר, וואָס באַקלערט זייער אַ גרויסן פּלאַן, ווייזט מיט ביידע הענט פון דאַנען אַהער און פון דאָרט אַהין, און וויל געבן צו פאַרשטיין, אַז ווען די דירה שטייט נישט אין דרויסן און האָט אַ הויף, פאַרשפּאָרט מען דעמאָלט צוויי ווענט, און די סוכה ווערט ביי אים פאַרטיק אין איין טאָג. וואָס זאָג איך איין איין טאָג? אין איין שעה! נאָר אַזוי ווי די דירה האָט נישט קיין הויף און מען דאַרף האָבן פיר ווענט, העט דאָס ביי אים אַ ביסל געדויערן; נאָר דערפאַר וועט דאָס זיין אַ סוכה — שוין איינמאָל אַ סוכה! דער עיקר עס זאָל נאָר זיין מאַטעריאַל.

— מאַטעריאַל וועט זיין, האָט איר זשע אינסטרומענטן? — פרעגט אים דער בעל־הבית פון הויף, העניעשקע מאַמצים.

— אינסטרומענטן וועלן זיך געפינען, האָט איר זשע געהילץ? — פרעגט אים משה.

— געהילף איז פאראן, האט איר זשע משהעקעס? — פרעגט אים הערשקע.

— משוועקעס קאן מען קריגן, האט איר זשע סכך? — פרעגט אים משה, און ביידע צעלאכן זיך.

ג

נאר אז הערשקע מאמצים, דער בעל־הבית פון הויז, האט גע־בראכט צושלעפן די ערשטע ברעטלעך מיט די ערשטע קלעצלעך, האט שוין „איין מאל משה" געזאגט, אז עס וועט זיין שוין איין מאל א סוכה. און איך בין געווען זייער נייגעריק צו וויסן, ווי אזוי ער וועט דאס מאכן פון די דאזיקע עטלעכע ברעטלעך מיט די פאר קלעצלעך א סוכה? און איך האב מיר אויסגעבעטן ביי דער מאמען, זי זאל מיך לאזן זיין דערביי בשעת משה וועט מאכן די סוכה. און ביי משהן אליין האב איך דאס באלד געפועלט: נישט ער האט מיר דערלויבט צו זיין דערביי, אדרבה — ער האט מיר געזאגט, איך זאל אים זיין א „פאמעטש", דאס הייסט איך זאל אים העלפן דער־לאנגען און צוהאלטן, וואס ער וועט מיר הייסן.

ס'פארשטייט זיך אז איך בין פון אזא מעשה געווען אויפן זי־בעטן הימל. א קלייניקייט — איך וועל העלפן בויען א סוכה! און געהאלפן האב איך זייער א סך: געהאלפן מאכן מיט די ליפן, בשעת משה האט געקלאפט מיטן האמער; געהאלפן גיין אין שטוב אריין גלייך מיט אים עסן; געהאלפן שרייען אויף די איבעריקע קינדער זיי זאלן אונדז נישט שטערן די ארבעט, און געהאלפן אים אונטער־טראגן אלע מאל דעם האמער, בשעת ער האט באדארפט דעם גראב־אייזן, און דערלאנגט אים די אפצווענגע, בשעת ער האט באדארפט האבן א משוואק. אן אנדערער אויף זיין ארט, וואלט פאר אזא מין העלפן מיט אזא מין „אונטערטראגן" געווארפן אין קאפ אריין דעם האמער, אדער די אפצווענגע; נאר „איין מאל משה" איז געווען א מענטש פון א גאל, אים האט קיינער נישט געהאט די זכיה צו זען אין כעס.

און מחמת איך בין געווען זייער פארטיפט אין דער ארבעט האב איך גארנישט באמערקט, ווי אזוי און פון וואסערע ניסים ס'איז ביי אונדז פארטיק געווארן די סוכה.

— קום, וועסטו זען די סוכה, וואס מיר האבן אויסגעבויט! —

מיר זאָגן איך דעם טאַטן און זעלבס איז אַרויס פאַר דער פאָלע און הערן גלייך אין דער מאַמעס קוילעס פון אונדזער אָרעמעס, קוקט איך מאַכן מיט א שפּיגל און זאָגט צו אים באַוואונדיק אויף מיר:

— האָט איר באַטש גענאָמען פון אים, רבי משה, א שטיקל הילף?

— שוין איין מאָל א הילף! — זאָגט משה און קוקט אַרויף אויפן דאַך פון דער סוכה מיט יסורים.

— אַנדערער הערשעק זאָל שוין ברענגען צו טראָגן דעם סכך. העלפֿט שוין גענוג איין מאָל א סוכה!

ד

קיין ברכות האָט הערשעק מאַמעס געבראַכט צופירן א וואָגן מיט דעק, גרינע שמעקעדיקע, וואָס וואַקסט ביי אונדז אויף יענער זייט טייך אין געטריקנטן, און מיר האָבן זיך גענומען דעקן די סוכה. דאָס הייסט דעקן האָט געדעקט משה אַליין, און איך האָב געהאָלפן צוטרייבן די ציגן, וואָס האָבן זיך צוגעכאַפּט צום דאַזיקן סכך, ווי צו עפּעס דעליקאַטעס. איך ווייס נישט, וואָס פאַר א טעם האָבן זיי געפונען אין די דאַזיקע ביטערע גרינע שמעקעדיקע.

נאָך דער נאַכטער סכך איז שוין געלעגן אויף דער סוכה, האָבן מיר זיך גענומען אויספּוצן די סוכה פון אינעווייניק. קודם כל האָבן מיר אויסגעקאָסט די ערד מיט געלן זאַמד, נאָכדעם האָבן מיר אַרומגעהאַנגען די ווענט מיט אַלערליי קאָלדרעס; און דאָרט ווו עס האָט נישט געקלעקט קיין קאָלדרעס, איז געהאָנגען א טישטוך אָדער א פאָרהאַנג. און ערשט נאָכדעם האָבן מיר אַרויסגעטראָגן די טישן מיט די בענקלעך, די לייכטער מיט די בענטשליכט, דאָס געפעס מיט זיי-בעקעלעך מיט די נאָפלען מיט די לעפל, און די בעל-הביתטעס זיינען געקומען בענטשן ליכט אין סוכה.

די מאַמע האָט פאַרשטעלט די אויגן מיט ביידע הענט און געבענטשט ליכט. דער טאַטע האָט אָנגעטאָן זיין שבתדיקע זיידענע קאַפּאָטע און געזאָגט צו מיר:

— קום, לאָמיר גיין, שוין צייט גיין אין שול אַריין דאַווענען.

נאָכן דאַווענען זיינען מיר געקומען צוריק אין סוכה אַריין מיט א פריילעכן ברייטן „גוט-יום-טוב!" און דער טאַטע האָט זיך געשטעלט

מאכן קידוש. נאכן מאטן מאכט קידוש „שוין איין מאל משה" און נאך אים דער בעל-הבית אליין — הערשקע מאמצים. און מיר גייען זיך וואשן און מאכן המוציא, און אלע דריי בעל-הביתטעס ברענגען צו טראגן די גומע, ווארעמע, פרישע געפעפערטע ,מחיה־שמעקעדיקע פיש — און איטלעכער זעצט זיך מיט זיין געזינדל ביי זיין טיש. א סך קוילעטשן, א סך הענט טונקען ווייכע קוילעטש אין הייסער פיש־יויך, א סך מיילער עסן. און א ווינטל בלאזט אריין אין סוכה דורך די דינע שוואכע ווענטלעך און הורבן שיטערן סכך. און די ליכטלעך שמעלצן זיך, און אלע עסן, עסן געשמאק די יום־טובדיקע סעודה — און עס שטעלט זיך מיר פאר, אז ס'איז נישט קיין סוכה, נאר א פאלאץ, א גרויסער, ליכטיקער פאלאץ... פלוצים — טררראך! דעם גאנצן דאך מיטן סכך אויף אונדזערע קעפ! און נאכן דאך איין וואנט. און די אנדערע הענט בייגן זיך, פאלן כורעים, און עפעס א ציג פליט פון אויבן אראפ גלייך אויף אונדז און מיט אמאל ווערט פינצטער; און מיר אלע מיט די קוילעטשן, מיטן געפעס, מיט דער ציג ליגן אין זאמד. און די לבנה שיינט, און די שטערן קוקן; און די ציג כאפט זיך אויף מיט שרעק אויף די דינע פיסלעך, בלייבט שטיין אויף א ווײלע און קוקט זיך ארום מיט נארישע אויגן. באלד כאפט זי „די פיס אויף די פלייצעס" און מארש ווי אן עזות פנים איבער טישן און איבער בענק און איבער קעפ מיט א געשריי: מע־ע־ע־ע! די ליכט אלע אויסגעלאשן, דאס געפעס צעבראכן, די קוילעטשן אין זאמד, מיר אלע איבערגעשראקענע אויף טויט, די ווייבער קוויטשען, די קליינע קינדער וויינען — א הורבן! אן אמתער חורבן!

— א שיינע סוכה האט איר אויפגעשטעלט! — זאגט צו אונדז נאכדעם דער בעל-הבית הערשקע מאמצים מיט אזא טאן, גלייך ווי מיר וואלטן ביי אים גענומען פאר דער סוכה ווער ווייסט וויפל — אז איין ציג האט זי געקאנט אנידערלייגן. א שיינע סוכה!

— שוין איין מאל א סוכה! — זאגט „שוין איין מאל משה", שטייט ווי אן אויסגעפאטשטער און באטראכט מיטן קאפ פון וואגן אייגנטלעך האט זיך גענומען דער דאזיקער חורבן — שוין איין מאל א סוכה!

— יא, שוין איין מאל א סוכה! — קריכט איבער דער בעל-הבית, און אלע העלפן אים אונטער אין איין קול:

— שוין איין מאל א סוכה!

# נ ע צ ל

איך וועל אייך דערציילן א מעשה מיט ניט.
— מיט וואס? מיט ניט?
— מיט ניט!

.1

געהייסן האט ער נעצל, נאר גערופן האט מען אים גויעצל, גע־האלטן אים פאר א פרא־אדם; ווער עס האט נאר געהאט גאט אין הארצן, דער האט געטריבן מיט אים קאטאוועס, געמאכט פון אים חוזק. א קאפ איז אויף אים געזעסן א גרויסער, און אנגעשטאפט איז ער געווען, מיט קליאטשע, היי אדער פעדערן. אזוי האט געזאגט אויף אים אין חדר דער רבי, רב יאנקל. און ער? גארנישט! ס'זאל אים אפילו אנהייבן רירן! גויעצל האט געהאלטן, פארשטייט איר מיך, פון דער אכילה. עסן איז ביי אים געווען טייערער פון וואס איר ווילט: „א קישקע און א דנא" — האבן געזאגט אויף אים זיינע חברים. און גויעצל זאל זיך דאס אפילו פארקרימען! אנבייסן האט מען אים געטראגן אין חדר אריין תמיד די בעסטע — קנישעס מילכיקע מיט ווארעניקעס לרוב! איז געווארן ביי יאנקלען אין חדר צוויי כתות: פון איין זייט אלע תלמידים, פון דער אנדערער זייט, נעצל. די תלמידים האבן געשארפט די מוחות, נעצל — דעם קולאק. די תלמידים האבן געלערנט, נעצל האט געפרעסן קנישעס מיט וואַ־רעניקעס לרוב.

.2

ויהי היום, ס'איז געקומען אונטער א יום־טוב, האבן זיך חברה צונויפגעקליבן שפילן אין ניט. דאס שפיל אין ניט איז א שפיל, ווי אלע שפילן: איינער פארשפילט, דער אנדערער געווינט.
האבן זיך, הייסט עס, חברה צונויפגעקליבן אין חדר, אלע צען חברים, שפילן אין ניט. פלוצים עפנט זיך די טיר און עס קומט אריין נעצל מיט פולע קעשענעס, געוויינטלעך.

— ברוך הבא, א ייד! — רופט זיך אָן איינער.
— מע זאָל דערמאָנען משיחן! — מאַכט אַן אַנדערער.
— ויבוא המן! — זאָגט דער דריטער.
— מאַכט רש"י: דער רוח האָט אים געבראַכט צו טראָגן!
— אין וואָס שפּילט איר, אין באַנק? שפּיל איך אויך מיט אייך. איך האָב נים. — אַזוי זאָגט גנעצל און באַקומט באַלד אַ תשובה.
— לאָ מיט אַ ספּאַדיק!
— פֿאַר וואָס?
— דערפֿאַר!
— נו, וועל איך אייך צעשלאָגן דאָס שפּיל!
און נישט לאַנג געטראַכט, געכאַפּט די בערדישע פּיט און צע־שליידערט די שורה נים איבער דער גאַנצער שטוב. האָט דאָך עס חברה מסתמא פֿאַרדראָסן. אַ העזה פֿון אַ יונגאַטש!
— קינדער, וואָס שווייגט איר אים? — האָט זיך אָנגערופֿן איינער.
— הבה נתחכמה! — רופֿט זיך אָן נאָך איינער.
— לאָמיר אים דורכבערעכן די ביינער! — פֿאַרטייטשט אַ דריטער.
— אַנו, פּרוּוט זיך! — מאַכט גנעצל און פֿאַרקאַטשעט די אַרבל, גרייט צו דער אַרבעט.
און ס'איז אַרויס אַ מלחמה, אַ געשלעג צווישן ביידע כתות. פֿון איין זייט דער גאַנצער הדר, פֿון דער אַנדערער זייט — גנעצל.
צען איז נישט איינער. זיי האָבן טאַקע געפּילט דעם טעם פֿון זיינע געזונטע קולאַקעס: ביילען אין שטערן און לאַנטערנעס אונ־טער די אויגן; דערפֿאַר האָבן זיי אָבער אויך אים געגעבן צו זען די וועלט מיט זייערע שאַרפֿע נעגל און מיט די ציין און מיט וואָס מע האָט נאָר געקאָנט, בקיצור — צען איז נישט איינער, גובר געווען האָבן זיי, און גנעצל האָט געמוזט, מחילה, נעמען דעם וועג און מאַכן פּליטה. און ערשט דאָ הייבט זיך אָן די רעכטע מעשה מיט די נים.

3.

אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן אַ צעדראַפּעטער, מיט צעריסענע פּלודערן, איז גנעצל געבליבן שטיין אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט.
— ווילט איר, הייסט עס, מיט מיר נישט שפּילן אין נים? דאַרף

איך אייך אויף כפרות! איך קאָן באַשטיין, מיר זאָלן זיך אַליין אינ־צווייען שפּילן...

אַזוי האָט גענצל אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין און האָט זיך געלאָזט גיין וווּ די אויגן וועלן אים טראָגן. אַפּגעשטעלט זיך אין מיטן וועג, טוט ער אַ זאָג צו זיך, גלייך ווי ער וואָלט געווען מיט עמיצן זאַל־באַנאַנד:

— וווּהין זשע גענצל, וועלן מיר גיין, אַ שטייגער? — און טאַקע באַלד זיך אַלינן געענטפערט:

— אַהין, ווייט... הינטער דער שטאָט, אויף יענער זייט מילן. דאָרט איז נישטאָ קיינער. דאָרט וועלן מיר זיך זיין איינע אַליין אינצווייען, קיינער וועט אונדז נישט שטערן.

און גענצל, רעדנדיק אַזוי מיט זיך אַליין, פילט, אַז ער איז נישט איינער, נאָר צוויי, און כּח פילט ער אין זיך פאַר צוויי! און ער האָט דערפון שטאַרק הנאה און הערט נישט אויף צו רעדן צו זיך אַליין.

— הער נאָר אויס, ביז וואַנען וועלן מיר, אַ שטייגער גיין? — מאַכט ער צו זיך אַליין און ענטפערט באַלד:

— נו, עס וועט זיך אין דיר.

— טאָמער וואָלטן מיר זיך דאָ צוגעזעצט שפּילן אין ניס? האָ? וואָס זאָגסטו, גענצל?

— טאָ, ביי מיר האָסטו געפועלט.

און גענצל זעצט זיך צו אויף דער ערד, העט־ווייט הינטער דער שטאָט, אויף יענער זייט מילן. אַרויסגענומען און איבערגעציילט די ניס, צעטיילט זיי אויף דער העלב, גלייך אויף גלייך; איין העלפט אַריינגעלייגט אין דער רעכטער קעשענע, די אַנדערע העלפט אין דער לינקער קעשענע, אויסגעטאָן דאָס היטל און אַריינגעוואָרפן אַהין פון דער רעכטער קעשענע עטלעכע ניס און אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין:

— זיי מיינען, אַז אַן זיי קאָן מען זיך גאָר נישט באַגיין... הער נאָר אויס, גענצל, אין וואָס פאַר אַ שפּיל שפּילן מיר?

— איך ווייס? אין וואָס פאַר אַ שפּיל דו ווילסט.

— אפשר וועלן מיר שפּילן אין „אום צי גראָד"?

— ביי מיר האָסטו געפועלט.

און ער טוט אַ טרייסל מיט דער יאַרמעלקע און אַ מאַך:

— אַצינד טרעף! אום, צי גראָד? נו, רעד ווערטער! — מאַכט

ער צו זיך אליין און טוט זיך א זעץ מיטן עלנבויגן אין זייט אריין און ענטפערט זיך אליין:

— גראַד.

— גראַד, זאָגסטו? ווי לאַנג שטייסט מען דיך! גיב אהער. האָסט פאַרשפּילט דריי ניס.

און ער נעמט ארויס פון דער לינקער קעשענע דריי ניס, לייגט זיי איבער אין דער רעכטער. ווידער אַמאָל א טרייסל מיט דער יאַר־מעלקע און ווידער אַמאָל א פרעג:

— נו, ווייטער. אום, צי גראַד?

— אום.

— אום, זאָגסטו? ווי לאַנג קרענקסטו! גיב אהער! דו האָסט פאַרשפּילט פיר ניס, טוט א טרייסל מיט דער יאַרמעלקע און א מאַך צו זיך אליין:

— נו, אפשר וועסטו איצט טרעפן? אום, צי גראַד?

— גראַד.

— גראַד, זאָגסטו? ווי לאַנג פוילן די ביינער דיינע! גיב אהער, דו טפּש איינער, פינף ניסלעך!

— גענוג איך פאַרשפּיל, שעלסטו זיך נאָך?

— ווער איז שולדיק, ווער איז דיר שולדיק אז דו ביסט א בהמה און טרעפסט, ווי א בלינדער אין גרוב? נו, זאָג שוין ווייטער, זאָג: אום, צי גראַד? איצטער וועסטו שוין מסתמא געווים טרעפן.

— גראַד.

— גראַד? לעבן זאָלסטו מיר אזוי! גיב אהער, דו פערד איינער, זיבן ניס, און טרעף נאָך אַמאָל: אום, צי גראַד?

— גראַד.

— ווידער אַמאָל גראַד? איך זאָל דיך אזוי האָבן פאַר א טאַטן! גיב אהער שלים־מזל, נאָך פינף ניסלעך, און טרעף שוין אצינד. אפשר וועסטו כאָטש איין מאָל טרעפן: אום, צי גראַד? — נו, וואָס שווייגסטו?

— איך האָב שוין נישט קיין ניס.

— ס׳אַ ליגן! דו האָסט!

— ווי איך בין א ייִד, איך האָב נישט.

— טו נאָר א זוך אין קעשענע אויפן דנאָ! אָט אזוי.

— נישטאָ קיין סימן אפילו!

— נישטאָ פאַרשפּילט אַלע ניס? נו? צו וואָס האָט דאָס דיר געטויגט? ביסטו נישט קיין בהמה?

— געגנוג, האָסט אָפּגעוווּנען ביי מיר אַלע ניס, רייצסטו זיך נאָך מיט מיר?

— אַ מצווה, זייער רעכט! האָסט געוואָלט ביי מיר אָפּגעווינען, האָב איך ביי דיר אָפּגעוווּנען.

און גויעצל איז העכסט צופרידן פון דער מעשה, וואָס געצל האָט פאַרשפּילט, און ער, גויעצל, האָט געוווּנען. ממש ער פּילט, אַז עס קומט אים צו אַ שטיק געזונט. ער פילט זיך איצטער בכח אָפּגעווינען ביי דער גאַנצער וועלט אַלע ניס.

און געצל ווערט אין כעס, לייגט־צונויף די קולאַקעס און רעדט צו זיך אַליין, גלייך ווי ער וואָלט דאָ באמת געווען זאַלבאַנאַנד:

— אַנו, פרוּוו איצט זיך אָנהייבן מיט מיר! אַצינד בין איך שוין נישט אַליין! אַצינד זיינען מיר שוין זאַלבאַנאַנד!...

נו, געצל? וואָס ביסטו געבליבן זיצן עפּעס, ווי אַ חתן? לאָמיר נאָך שפּילן אַ ביסל אין ניס.

— אין ניס? ווו האָב איך ניס? איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך האָב נישט קיין איינציק ניסל אפילו.

— אָך! איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז דו האָסט שוין נישט קיין ניס... ווייסטו וואָס? איך וועל דיר געבן אַן עצה, געצל.

— דהיינו?

— געלט האָסטו?

— איך האָב, נו, איז וואָס?

— קויף ביי מיר ניס.

— וואָס הייסט, איך זאָל ביי דיר קויפן ניס?

— בהמה, ווייסט נישט וואָס הייסט קויפן? גיב מיר געלט, נאַ דיר ניס, הע?

— נו, מהיכי־תיתי. ביי מיר האָסטו געפּועלט.

און ער נעמט אַרויס פון ביימעלע אַ זילבערנע מטבע, דינגט זיך אויס פאַרן פּריז, ציילט אָפּ אַ פּאָר צענדליק ניס פון דער רעכ־טער קעשענע אין דער לינקער, און דאָס שפּיל הייבט זיך אָן גאָר איבער אַ נייעס.

ער שפּילט ווייטער און ער האָט אַזוי פיל נעאַרבעט מיטן היטל: אום, צי גראָד, געלייגט פון איין קעשענע אין דער אַנדערער, ביז די לינקע קעשענע איז געבליבן אָן איין ניסל.

— נו, פאַר וואָס שפּילסטו נישט?

— איך האָב שוין נישט מיט וואָס.

— ווידער אַמאָל געבליבן אָן ניס, שלים־מזל?

— דו זאָגסט, איך בין אַ שלים־מזל, און איך זאָג, דו ביסט אַ שולער.

— זאָגסטו נאָך אַ מאָל דאָס וואָרט „שולער", גיב איך דיר איבער די פּיסקעס.

— לאָז דיר גאָט געבן אַזאַ זין!...

געצל בלייבט זיצן עטלעכע מינוט שטיל, גראָבלט מיט די פינגער אין דער ערד, גראָבט אַ גריבל און מורמלט שטילערהייט אַ לידל אונטער דער נאָז. נאָכדעם טוט ער אַ זאָג:

— סקוטשנע! לאָמיר שפּילן אין ניס.

— ווו האָב איך ניס?

— האָסט נאָך עפּעס געלט? איך וועל דיר פאַרקויפן נאָך אַ צענדליק.

— געלט? ווו האָב איך געלט? איך האָב שוין נישט אַ גראָשן!

— נישט קיין ניס און נישט קיין געלט? אוי, איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן! כאַ־ כאַ־ כאַ!

און דער „כאַ־כאַ־כאַ" צעשיט זיך איבערן גאַנצן פעלד, קלינגט זיך אָפּ מיט אַ ווידער־קול אינעם געדיכטן ווייטן וואַלד, און געצל קאַטשעט זיך פאַר געלעכטער.

— וואָס איז מיט דיר פאַר אַ געלעכטער, דו גויעצל איינער?

— מאַכט ער צו זיך אַליין, און טאַקע תוך־כדי־דיבור זיך אַליין אָפּגעענטפערט:

— דאָס לאַך איך פון דיר, שלים־מזל. גענוג דו האָסט מיר פאַרשפּילט אַלע ניס — צו וואָס האָט דיר געטויגט צו נעמען און פאַרשפּילן דאָס געלט אויך, אַזוי פיל געלט, דו שוטה בן פּיקהאַלץ? אוי, איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן! כאַ־כאַ־כאַ!

— האָסט דאָך מיך אַליין אַרויפגעפירט דערויף, דו רשע מרושע, דו שלעכטער יונג, דו טריפהנער ביין!

— חכם בלילה! אז איך זאָל דיר זאָגן אפשניידן די נאָז, דאַרפסטו מיך פאָלגן? דו פעטאָך איינער! דו בהמה בצורת פערד! כאַ־כאַ־כאַ!...

— ווער כאַטש אַנטשטומט, דו גויעץ איינער, און לאָם איך דיין מרפּהנעם פּנים נישט אָנקוקן!

און ער קערעוועט זיך אַוועק פון זיך אַליין, זיצט עטלעכע מינוט אין אַנגעברוגזטער, גראַבלט מיט די פינגער די ערד, פאַרשיט דאָס אויסגעגראַבענע גריבל און זינגט שטילערהייט אַ לידל אונטער דער נאָז.

.5

— ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, געצל? — רופט ער זיך אָן צו זיך אַליין אין עטלעכע מינוט אַרום. — לאָמיר זיך שוין איבער־בעטן, לאָמיר ווערן חבר. נאָך האָט מיר געהאָלפן, ס'האָט מיר אַזוי באַגליקט, איך האָב געוווּנען, קיין עין־הרע, אַזוי פיל נים, — פאַר וואָס זאָלן מיר זיך נישט פאַרגינען צעקנאַקן עטלעכע ניסלעך? ווי באַדאַרפן זיין, מיין איך, נישט שלעכט. האָ? וואָס מיינסטו, געצל?

— יאָ, איך מיין אויך אַזוי, ווי באַדאַרפן זיין נים שלעכט. — ענטפערט ער זיך אַליין, און כאַפּט אַריין אין מויל איין ניסל, דאָס אַנדערע ניסל, דאָס דריטע ניסל, טוט אַלע מאָל אַ זעץ מיטן האַנט איבער די ציין דאָס ניסל טוט אַ טרישטשע, נעמט ער אַרויס אַ פּעטן יאַדער, רייניקט אים אַרום, וואַרפט אים אַריין אין מויל און קייעט מיט די גרויסע ווייסע ציין געשמאַק, כראַמקעט, ווי אַ פערד האָבער, און רופט זיך אָן:

— ביסט אפשר אויך אַ בעלן, געצל, אויף אַ יאַדער פון אַ ניסל? שעם דיך נישט, זאָג!

— מהיכיתיתי, פאַר וואָס נישט?

אַזוי ענטפערט ער זיך אַליין, צים אויס די לינקע האַנט, נאָר מאַכע באַלד טוט ער זי אַ פּאַטש מיט דער רעכטער:

— און אַ מכה ווילסטו נישט?

— לאָז דיר זיין צוויי.

און ער הערט נישט אויף צו קנאַקן ניסלעך און קנאַקן די פּעטע יאַדערן, כראַמקען, ווי אַ פערד האָבער. ס'איז אים קאַרג, וואָס ער פרעסט און יענער זיצט און קוקט, רופט ער זיך אָן צו אים:

— הער נאָר, געצל, וואָס איך וועל דיך פרעגן: ווי אַזוי איז דיר למשל, בשעת־מעשה, אַז איך עם און דו קוקסט?

— ווי אזוי איז מיר? אזא יאר אויף דיר!

— ע, ביסט, אפנים, אין כעס? נא זשע דיר א יאדער פון א ניסל.

און בעצלם רעכטע האנט גיט דער לינקער האנט א יאדער פון א ניסל. ווייל די לינקע האנט נעמען דעם יאדער פון דעם ניסל, גיט איר די רעכטע האנט, מחילה, א פייג... גייט די לינקע האנט און טוט א פאטש דער רעכטער האנט, נעמט די רעכטע האנט און־טוט א פאטש דער לינקער האנט. גייט די לינקע האנט און דערלאנגט א פראסק אין דער רעכטער באק, גייט די רעכטע האנט און שטעקט אפ דער לינקער באק צוויי פעטש. כאפט אן די לינקע האנט ביי דער רעכטער לאָץ, נעמט די רעכטע האנט און רייסט אפ די לינקע לאָץ פון אויבן ביז אראפ. גייט די לינקע האנט און כאפט זיך אן ביי דער רעכטער פאה, נעמט די רעכטע האנט און פארפארט אין לינקן אויער.

— לאָז אפ די פאה, גענצי, פאלג מיך, לאָז אפ די פאה!

— לאָז אפ דעם אויער, וועל איך דיר אפלאָזן די פאה!

— א מכה!

— נו, בלייבסטו אן א פאה, גענצי!

— בלייבסטו, גורעץ, אן אן אויער!

— אי!

— אי־אי!

## עפּילאָג

עטלעכע מינוט האט זיך אזוי געקאטשעט אויף דער ערד און־דזער געצל. אט איז ער געלעגן פון אויבן מיט דער רעכטער זייט, אט איז ער געלעגן פון אויבן מיט דער לינקער זייט, צוגעהאלטן מיט ביידע הענט די קעשענע מיט ניס. א מינוט האט גובר געווען גויעצל, א מינוט האט גובר געווען געצל. ביז ער האט זיך אויפגעכאפט פון דער ערד, אן איינגעקאטשעטער אין בלאָטע, ווי א חזיר, א צעפליקטער, מיט א צעבלוטיקטן אויער, מיט אן אונטערגעריסענער פאה, ארויסגעכאפט אלע ניס פון קעשענע און פארווארפן זיי אין בלאָטע אריין, האט ווייט ביז אויף יענער זייט מיל, און צוגעבראכט מיט כעס:

— אט אזוי!... א מצוה!... נישט מיר, נישט דיר!...

# א נאָם גיסט

איינסצענירט: ישראל

פאַרשוינען: מאָטל — מענדל — מאַמע — ברכה — משה דער איינבינדער — עליע — ערשטע ייִדענע — צווייטע ייִדענע.

(מאַמע און ברכה זיצן ביים טיש. עליע דרייט זיך אַרום. מאָטל, אין אַ ווינקעלע, זיצט און שניצט עפּעס. אין אַ צווייטן ווינקל שטייט אַ פולער זאַק. ברכה נייט עפּעס. מאַמע פאַרצירעוועט אַ זאַק).

**מאַמע:** מאָטעלע, מאָטעלע, אפשר וואָלט שוין געווען גענוג צו שניצן. וועסט זיך נאָך, חלילה, צעשניידן די הענט.

**ברכה:** אָט וועט ער דיך באַלד פאָלגן. צו איס, אַז מען רעדט, איז פונקט ווי צו דער וואַנט.

**מאַמע:** הערסט עליע, די גאַנצע שטאָט קלינגט שוין מיט דיין פּראַשעק אַרויסצוטרייבן מייז. פּעסי די גראַבע איז אַרומגעגאַנגען און יעדן דערציילט, אַז עליע פּייסי דעם חזנס, טרייבט אַרויס מייז. נאָך מייז האָבן מיר געפעלט. וועיניק האַרצקלעמעניש געהאַט פון דיין קוואַס און דיין טינט, נאָך זאָל העלפן, ס'זאָל כאָטש זיין פּרנסה.

**עליע:** ע, מאַמע, רעדסט דאָך, זאָלסט מיר מוחל זיין, ווי אַ קינד! ראשית, מיט וואָס איז מיין טרייבן מייז ערגער פון אַן אַנדערע מלאכה? צווייטנס, ס'וועט טאַקע זיין פּרנסה אויך. דאַרפסט זיך גאַרנישט זאָרגן! אונדזער פּראַשעק איז שוין איין מאָל אַ פּראַשעק!

**מאָטל:** עליע, ווי הייסט דער פּראַשעק?

**עליע:** שעמעריציע הייסט ער (גייט אַרום).

**מאָטל:** און וואָס הייסט שעמעריציע?

**עליע:** שעמעריציע הייסט אַ רויטער פעפער.

**מאָטל:** און וואָס מיינט רויטער פעפער?

**עליע:** איך וועל דיר באַלד געבן „אַ וואָס מיינט" און „וואָס הייסט" אַז דו וועסט ביי מיר עפענען מיטן קאָפּ די טיר! וועסט ביי מיר פאַרפליען ווי דער שוואַרצער פעפער וואַקסט!

מאטל: שוין שווארצער פעפער? נישט קיין רויטער?
עליע: ארויס זאג איך דיר! (מאטל לויפט ארויס).

(עס קומען אריין)

ערשטע יידענע: דא שפרעכט מען אפ מייז?

עליע (בייז): דא שפרעכט מען נישט, מיר זיינען נישט קיין מאטערס! דא פארקויפט מען פראשקעס פאר מייז.

(יידענע גייט ארויס)

עליע: נא דיר גאר, שפרעכט מען! א שפרעכעניש אויף זיי!

(עס קומען אריין)

צווייטע יידענע: ביי אייך טרייבט מען ארויס מייז דורך א שפרוך?

עליע (בייז): נישט דורך א שפרוך, נאר דורך א פראשעק.

צווייטע יידענע: לאז זיין דורך א פראשעק, וויפל וועט עס קאסטן?

עליע: צען קאפיקעס.

צווייטע יידענע: צען קאפיקעס? וואס מיינט איר? ביי מיר וואלגערט זיך געלט אין די גאסן?

עליע: איר ווילט נישט, נעמט נישט. מען צווינגט אייך?

צווייטע יידענע: נו, גיט מיר א פראשעק, און לאמיר פטור ווערן פון די מייז. אזא אנשיקעניש!

עליע (נעמט ארויס א ביסל פודער פון זאק און לייגט אריין אין א פאפירעלע. וויקלט צונויף און רעדט): אבער היט זיך, ווייל מען ניסט דערפון סכנת נפשות.

צווייטע יידענע (באצאלט): א גוטן טאג.

ברכה: וואס עפעס צען קאפיקעס? און א גילדן קאן זי נישט באצאלן?

מאמע: נו, און יושר ווו איז? ווו איז גאט?

ברכה: יושר? (ווייזט אויף דער וואנט) אט איז יושר. עסט מען חזיר, זאל רינען איבער די ליפן! דער „עושר", דער רייכער, האט נישט קיין יושר, דארפן מיר ארעמעלייט זיין די גוטהארציקע, דארפן מיר האבן רחמנות?

מאמע: ברכה, וואס רעדסטו, גאט איז מיט דיר!

עליע (צו דער מאמען, ווייזנדיק אויף ברכהן): וואס רעדסטו מיט א נאר? (גייט ארויס).

בּרכה (אַרויסגייענדיק): כּיסאַ! דער גרויסער חכם!

מאָטע (הייבט זיך אויף): אַז מען האַלט זיך נאָר אין איין קריגן, מען קאָן זיך גישט איינטיילן מיט דער ירושה, איי, איי, קינדער־לעך, קינדערלעך. (גייט אַרויס).

(מאָטל און מענדל לייפן אַריין)

מאָטל: מרעף, מענדל, וואָס אין דעם זאַק געפינט זיך?

מענדל: פון וואַנען זאָל איך וויסן? איך בין דען אַ נביא?

מאָטל: דאָס איז דער פּראָשעק, וואָס מיין ברודער עליע האָט געמאַכט אַרויסצוטרייבן מייז.

מענדל (פאַרוואונדערט): מייז? נו, און טשטשורעס אויכעט?

מאָטל: מייז און טשטשורעס און טאַראַקאַנעס און אַלערליי מי־אוסקיימן! ס׳איז שוין איינמאָל אַ פּראָשעק!

מענדל: און ווי הייסט דער פּראָשעק?

מאָטל: דאָס טאָר מען נישט אויסזאָגן. ס׳איז עליעס סוד. איך האָב געפרעגט עליען ווי דער פּראָשעק הייסט, האָט ער געזאָגט, אַז ער וועט מיר געבן אַ פּאַטש, וועל איך פליען ווי דער שוואַרצער פעפער וואַקסט. דו ווייסט ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט?

מענדל: פון וואַנען זאָל איך וויסן? איך בין דאָרט קיינמאָל נישט געווען. מאָטעלע, לאָמיך אַ קוק טאָן ווי דער פּראָשעק זעט אויס, כ׳וועל עפענען נאָר אַ קליין ביסעלע דעם זאַק און אַ קוק געבן. (לאָזט זיך גיין צום זאַק).

מאָטל: גאָט איז מיט דיר! טו עס נישט! ס׳איז סם!

מענדל: אָבער איך וועל נאָר אַ קוק געבן, אַ קליין קוקעלע.

מאָטל: פון אַ קוק קאָן מען אויך שטאַרבן! ס׳איז זייער גע־פערלעך.

מענדל: נישט איז נישט. ווייסט גאָר וואָס, מאָטל, לאָמיר שפּילן אין שפּרינגעלעך.

מאָטל: גוט, אין שפּרינגעלעך. אָבער ערלעך געמאָסטן, אַן נאַ־רעריי.

מענדל: ווער? איך נאַר אָפּ? ע, מאָטל.

מאָטל: וואָס דען, איך נאַר אָפּ?

מענדל: לאָמיר אָנהייבן פונעם בענקל: איך אַ שפּרונג פון בענקל, דו אַ שפּרונג פון בענקל, אָבער ערלעך געמאָסטן.

מאָטל (שטעלט זיך אויף אַ בענקל, שפּרינגט אַראָפּ, מאַכט אַ צייכן מיט אַ משוואָק).

מענדל (שטעלט זיך אויפן בענקל, שפרינגט אראפ): איך!

מאטל: איך!

מענדל: מיר האבן דאך געשטויסט ערלעך געמאסטן!

מאטל: הער, איך מעסט נישט ערלעך? ע, מענדל, דאס האב איך פיינט!

מענדל: דאס איז דאך נישט ריכטיק. קום, לאמיר נאכאמאל שפרינגען. דאס מאל פון זאק!

מאטל: זאל זיין פון זאק! (טוט זיך א שטעל אויפן זאק). דער זאק קערט זיך איבער) אוי, כ'האב אויסגעשאטן דעם... אפטשי! אפטשי!

מענדל: וואס האסטו גע... אפטשי! אפטשי!

מאטל: לאמיר צוזאמענגעמען דעם... אפטשי! אפטשי!

ברכה (קומט אריין, באמערקט זיי ניסנדיק): וואס איז דאס פאר א שווארין יאר? וואס איז דאס פאר א נים... אפטשי! אפטשי! (ווייזט אויפן זאק) ווער האט עס איבערגעקערט... אפטשי! אפטשי!

(עס באוויזט זיך)

מאמע: א ווייטיק איז מיר! וואס האט איר זיך אלע צעניסט... אפטשי! אפטשי! דאס האסטו מאטעלע... אפטשי! אפטשי!

ברכה: אויסרייסן וועל איך דיך (כאפט מאטעלען פארן ארבל) אפטשי! אפטשי!

(עס קומט אריין)

משה דער איינבינדער (לאכנדיק): ע, ע, ע, וואס דא טוט זיך! וואס פאר א שמחה! וואס האט איר זיך אלע מיטאמאל צעניסט? וואס פאר א (קומט צו נענטער) אפטשי! אפטשי! אוי, ס'איז דאך א קאמעדיע. כ'לעבן, אפטשי! אפטשי!

עליע (קומט אריין, שטייט ביי דער טיר): וואס איז דאס פאר א קאמער אויף אייך אנגעפאלן? וואס איז דאס פאר א ניסעניש? (גייט צו צום זאק) דער זאק? ס'איז דו, מאטעלע... אפטשי! אפטשי! (כאפט מאטעלען פארן אויער) קום שייגעץ... אפטשי! אפטשי!

(אלע ניסן, ווייזן אויפן זאק).

# עמיגראַנטן

**איינסצעניזירט פון י. גויכבערג**

**פערזאָנען:** מאַמע — ברכה — אליהו — פיני — קאַפּל (2טער ייִדע־
נס ייִנגל) — דער דאָקטער — 1טע ייִדענע — 2טע ייִדענע.

(אין אַ ציטפּר זיצן ווייבער, קינדער, און ייִדן מיט פּעקלעך; מע וואַרט.
צווישן זיי אַ ייִנגעלע קאַפּל).

(עס קומט אַריין: די מאַמע, ברכה, מאַטל, אליהו און פיני).

**ברכה** (פאַרטאָפּעט): נאַ דיר אַ קריכעניש אויף טרעפּ! נאָר דאָס
האָט מיר געפעלט.

**מאַמע:** (צו דער ערשטער ייִדענע): אַט דאָ איז דאָס דער קאָמי־
טעט?

**1טע ייִדענע:** איר מיינט דעם עמיגראַנטן־קאָמיטעט?

**ברכה:** עמיגראַנטן־ליוועראַנטן — וואָס איז דער חילוק? מיר
מיינען דעם קאָמיטעט, וואָס מיר זוכן שוין אַרום אַ האַלבן טאָג
און מיר קאָנען אים נישט געפינען — מע שיקט אונדז אַרום ווי
נאָך אַ סוכה־שער!

**1טע ייִדענע:** וואָס מיינט איר: וואָס איז דער חילוק? דער
חילוק איז אַ גרויסער חילוק! אויב איר מיינט דעם קאָמיטעט וואָס
באַזאָרגט די ייִדן קיין אַרגענטינע — האָט איר נישט געטראָפן. דאָ
איז נאָר פאַר אַזעלכע וואָס פאָרן קיין אַמעריקע!

**ברכה:** ווער זשע זאָגט אייך, אַז מיר פאָרן נישט קיין אַמערי־
קע? און אייגנגעסעסענע ייִדענע!

**מאַמע:** ווייס איך, צו וואָס די שפּאַרעניש? זאָגט מיר בעסער,
אַז ס'איז יאָ דער קאָמיטעט, ווען זשע קאָן מען אים זען, דעם קאָ־
מיטעט?

**1טע ייִדענע:** מאַקע דאָס וואָלטן מיר אַלע געוואָלט וויסן. איך
זיץ שוין דאָ פון אינדערפרי אָן, און מע זעט נישט און מע הערט

נים, און דאָ זיץ איך ווי אויף שפּילקעס, אַז זיצן זאָל מיין ייִדענע אויף הייסע קוילן!

מאַמע: וועלכע ייִדענע?

1טע ייִדענע: וואָס הייסט וועלכע ייִדענע? די ייִדענע פון דער גרענעץ, אַז אַך און וויי איז צו מיר! זיי האָבן מיך איבער דער גרענעץ באַנומען פון קאָפּ ביז די פיס.

מאַמע: ווי אַזוי זעט אויס די ייִדענע? אַ פּרומע, אַ כשרע, מיט אַ שייטל אויפן קאָפּ?

1טע ייִדענע: מאַקע, יאָ, פון וואַנען ווייסט איר?

מאַמע: אַ שיינע, מעשה כ'לעבן, גאָר אַ קורצע! פון וואַנען איך וויים? זי האָט מיך באַנומען, די גזלנטע, געלאָזט אדם נאַקעט! דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט פאַרפּאַלן! פרענט שוין נים, די אמתע חתונה! וואָס דען מיינט איר בין איך געקומען אהערצו אין קאָמיטעט?

2טע ייִדענע: אַזוי איז דאָס, מיין ליבע ייִדענע. אלע שווערע הערצער קומען אהער. און ווי לאַנג איז דאָס, אַז איך אַליין האָב זיך געבאָדן אין פּוטער און אין מילך? און איצט קוקט מיך אָן, אַז פאַרפינצטערט בין איך געוואָרן, מיט אַ פּיצל קינד זיך געלאָזט (זי ווייזט אויף קאָפּלען) ווי דער שבת-קודש גיים אַוועק — קיין אַמעריקע זוכן גליק.

מאָטל (צו קאָפּלען): דאָס ביסטו דאָס פּיצל קינד? ביסט דאַכט זיך גרעסער פון מיר? און פאַרוואָס פאָרט דיין מאַמע קיין אַמעריקע?

קאָפּל: ווייל דער טאַטע איז דאָרטן.

מאָטל: און פאַרוואָס איז דער טאַטע געפאָרן קיין אַמעריקע?

קאָפּל: איבער אַ פּאָגראָם.

מאָטל: און וואָס איז דאָס אַ פּאָגראָם?

קאָפּל: אַ פּאָגראָם ווייסטו נים? ע, ביסטו דאָך גאָר אַ ניונקעלע! אַ פּאָגראָם איז אַ זאַך, וואָס איז היינט אומעטום. הייבט זיך אָן כמעט פון גאָרניט, און אַז עס הייבט זיך אָן, ציט זיך עס אַוועק דריי טעג.

מאָטל: וואָס איז זשע? וואָס? אַזאַ יאַריד?

קאָפּל: וואָסער יאַריד? אַ שיינער יאַריד! מע שלאָגט פענצטער, מע ברעכט מעבל, מע צערייסט קישנס, פעדערן פליִען אַזוי ווי שניי!

**מאָטל:** אַקעגן וואָס טוט מען דאָס?

**קאָפּל:** נאַ דיר גאָר קעגן וואָס? אַקעגן דאָס! אַ פּאָגראָם איז נים גאָר אויף הייזער אליין. אַ פּאָגראָם איז אויף קלייטן, מע וואַרפט אַרויס די סחורות אויף דער גאַס, און מע צעטראָגט, און מע צעשלאָגט ראָבעוועס, און מע צעשיט און מע באַגיסט מיט נאַז און מע צינדט אונטער, און סע ברענט.

**מאָטל:** גיי שוין גיי!

**קאָפּל:** וואָס דען מיינסטו? איך וועל איסטראַכטן? נאָכדעם, אַז ס'איז שוין נישטאָ וואָס צו ראָבעווען, גייט מען איבער די הייזער מיט עק און מיט אייזנס און מע שלאָגט און מע הרגעט...

**מאָטל:** וועמען?

**קאָפּל:** וואָס הייסט וועמען? יידן!

**מאָטל:** פאַרוואָס?

**קאָפּל:** נאַ דיר אַ פאַרוואָס! ס'איז דאָך אַ פּאָגראָם!

**מאָטל:** און אַז אַ פּאָגראָם איז וואָס?

**קאָפּל:** גיי אַוועק, דו ביסט אַ קעלבל! איך וויל מיט דיר נישט ריידן.

**מאָטל:** ווילסט נישט, דאַרף מען נישט. (צו אליהון) זאָג מיר, אליקו, דו ווייסט וואָס אַ פּאָגראָם איז?

**אליהו:** שטופּ נישט די נאָז ווו מען דאַרף דיך נישט האָבן! שאַט, יידן, שאַט! דער קאָמיטעט גייט!

**פּיני:** זיי מיר מוחל, אליהו, נאָר דו רעדסט נאַרישקייטן! דער קאָמיטעט האָט נישט קיין פּיס און קאָן נישט גיין! דאָס קומט איי־נער פון דעם קאָמיטעט, דער טאַטע גלאָזווער!

**2טע יידענע:** דאָס איז דאָך דער שמייכלענדיקער דאָקטער. שטענדיק שמייכלט ער, אָבער העלפן העלפט ער, ווי אַ טויטן באַנ־קעס, כאָטש דעם אמת מוז מען זאָגן: אַ מענטש אַ דימענט, טיילט זיך מיטן ביסן.

**1טע יידענע:** ווי קאָן מען העלפן קיין עין־הרע אַזויפיל מענטשן? מען דאַרף דאָך האָבן קורחס אוצרות!

**דאָקטער:** גאָט העלף אייך, רבותי! וואָס מאַכט איר עפּעס, מיינע ליבע יידן און יידענעס? (זעצט זיך ביים שרייבטיש) וואָס ושע ווער איר עפּעס זאָגן גוטס?

**מאמע:** פאני דאָקטער, איר מוזט מיך אויסהערן, איך זאָג אייך ס'איז היינט אַ וועלט, אַז איר קאָנט קיינעם נים געטרויען פון דאַנען ביז אהער!

**דאָקטער:** וואָס איז געשען, מיין ליבע ייִדענע וואָס האָט זיך געטראָפן? פון וואַנען קומט איר און ווער זייט איר?

**מאמע:** קומען קום איך פון כתרילעווקע, און בינען בין איך פייסי דעם חזנס ווייב. האָט דער מאן מיינער — פייסי דער חזן געקרענקט און געקרענקט, נישט פאַר אייך געדאַכט, ביז ער איז געשטאָרבן און מיך איבערגעלאָזט אַן אלמנה מיט צוויי קינדער, איינעם אַט־אַ (ווייזט אויף אליהו) דעם עלטערן און דעם אנדערן אַט־אַ (ווייזט אויף מאָטלען) דעם יינגערן. האָב איך דעם עלטערן חתונה געמאַכט, אריינגעגעבן אים אין אַ שמאָלין־גרוב, איז דאָס שמאָלין אויסגערונען און דער גרוב, אַז אָך און וויי, איז געבליבן. דער שווער זיינער האָט זיך געשטעלט און דער זון דאַרף שטיין צום פריזיוו...

**אליהו:** ע, מאמע, וואָהין ביסטו פאַרפאָרן? צו וואָס טויגן די אַלע דיבורים? יאָ פריזיוו, נים פריזיוו, מיר פאָרן הייסט עס קיין אַמעריקע, דאָס הייסט איך און מיין מאמע, און מיין ווייב, און אַ קליין ברודערל, און אָט דער יונגערמאַן (ער ווייזט אויף פיניִן) וואָס פאָרט אויך מיט אונדז. האָבן מיר געדאַרפט אריבער די גרענעצן, און אַזוי ווי קיין פּעסער האָבן מיר נים, וואָרום מיר דאַרפן ביידע שטיין צום פריזיוו...

**פיני:** צוליב פּראַגרעס און ציוויליזאַציע פאַרלאָזן מיר פּאַניע גנב. עס איז געוואָרן ענג די לופט אַרום!

**מאָטל** (צו קאָפּלען): אָט דאָס הייסט אַ לשון!

**דאָקטער:** אָבער, מיין ליבער יונגערמאַן, צו וואָס זיך היצן? זאָגט וואָס איר ווילט.

**אליהו** (צו פיניִן): למאי זאָלסטו האָבן אַ טבע צו רעדן נישט צו דער זאַך?

**פיני** (ברוגז): דו רעדסט בעסער? רעד דו!

**אליהו** (צום דאָקטער): זייענען מיר הייסט עס געקומען צו דער גרענעצן, האָבן מיר אָנגעהויבן האַנדלען מיט די אַגענטן. אַן ערלעכע כשרע ייִדענע נעמט זיך אונטער אונדז איבערצופעקלען, און גיט אונדז צוויי גויִים — שומרים הייסט דאָס...

ברכה: עס אזוי גיך? ער איז שוין פארטיק מיט די גוים! איי-
דער מיר זיינען געקומען צו די גוים, און איידער די גוים האבן
אונדז געבראכט אין וואלד אריין אין א שווארצער פינצטערער
נאכט, איז די נשמה שיער נים ארוים. א גליק וואס כ'האב א טבע
צו חלשן...

דאקטער: ווייסט איר, וואס כ'וועל אייך זאגן, מיינע ליבע ווייי-
בער? איך האב אויך א טבע צו חלשן; זאגט זשע מיר אין קורצן
וואס זשע ווילט איר?

מאמע: איר ווילט איר קורצן? — מען האט ביי אונדז צוגע-
נומען די זאכן!

דאקטער: וואסערע זאכן?

מאמע: דאס בעטגעוואנט: צוויי איבערבעטן, פיר קישנס גרוי-
סע און נאך צוויי גרויסע קישנס און דריי קליינטשיקע קישעלעך.

בטע יידענע: אט פונקט אזוי ווי ביי מיר! די אייגענע צרות!

דאקטער: דאס איז גאר?

מאמע: וואס זשע? ס'איז אייך קארג?

דאקטער: און בילעטן האט איר? געלט האט איר?

מאמע: נישט צו פארזינדיקן, מיר האבן בילעטן און מיר האבן
אויך שיפס־קארטן.

דאקטער: זייט איר דאך דאנקען גאט! איך בין אייך מקנא.
לאמיר זיך בייטן, מיינט נישט אז איך שפאס. נאט אייך מיין קאמי-
טעט, איך פאר גלייך אוועק קיין אמעריקע, היינטיקן טאג! וואס
קאן איך, איין מענטש, אליין טאן מיט אזוי פיל אנדערע לייט?

(פארהאנג)

# מאָטל אין אַמעריקע

אינסצעניזירט: מ. גילינסקי

**אנטיילנעמער:** מאָטל דער קליינער — מאָטל דער גרויסער — פיניע — עליע. — די כאַליאַסטרע: פיליפ, מענדל, חילי, ברכה, סעם, טייבל, די מאַמע.

(אַ צימער פון אַן עמיגראַנטן־פאַמיליע אין ייִדישן פערטל פון ניו־יאָרק).

**מאָטל:** (צייכנט עפעס).

**מענדל** (קוקט אַריין אין פענצטער): וואָס צייכנסטו דאָרטן?

**מאָטל:** עס ווילט זיך מיר אָפּמאָלן דעם שניידער, דעם גרינהאָרן. ווייסט דאָך וועלכן? און אויפן שטערן וויל איך אים צוזעצן אַ לאַנגן האָרן מיט גרינע קרייד.

**מענדל:** איי, וועט עס זיין אַ גרינהאָרן! באַלד וועט קומען די כאַליאַסטרע, וועסטו זיי ווייזן דעם גרינהאָרן!

**מאָטל:** זיי קומען אויף זיכער?

**מענדל:** זיי האָבן צוגעזאָגט אויף זונטיק קומען אַהער. נישט שטענדיק דאַרפן מיר דאָך גיין צו משה דעם איינבינדער — איין מאָל מעג די כאַליאַסטרע קומען צו אונדז.

**מאָטל:** און מיר וועלן גיין אין טעאַטער?

**מענדל:** אין קינאָ זאָגט מען. אין קינאָ!

**מאָטל:** ווייסט, מענדל? ווען איך וואָלט געווען ראָטשילד, וואָלט איך גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט געלעגן אין קינאָ, אַזעלכע וווּנדיירים דאָרט — אַז דער קאָפּ דרייט זיך אויש.

**מענדל:** שאַ, זיי גייען שוין! (עס לאָזן זיך אַריין פינף חברה־לייט — גרעסער — קלענער — גאָר קליינע) העלאָ! סעם און ווילי!

**מאָטל:** גוט מאָנינג, טשערנאָהוז, פייטל פעטעלעלע, מפו, פּיליפּ! וואָס מאַכן דיינע פּייפּערס! ווי שרייסטו דאָרטן פאַרטאָג? — פּייפּערס! קויפט פּייפּערס! וויכטיקע נייעס! אַ דזשענעראַל־שטרייק אין שניידער־יוניאָן!"

**פיליפ:** און אַז דו פלענסט אַרומלויפן אין כתרילעווקע מיטן קוואַס, האָסטו שוין פאַרגעסן? — זיסער קוואַס אַ גלאָז, אַ קאָפּיקע אַ ייד, און קאַלט — אַ דערטרינקעניש!...

**טעם** (כאַפּט אַ קרוג פון טיש און לויפט אַרום איבערן צימער): יידן, אַ געטראַנק! טעם גן־עדן, אַזאַ יאָר אויף מיר, אויף אייך און אויף אונדז ביידן!

**פיליפ:** לאָמיר גיין! ס'איז אַ שיינער פילם היינט!

**ווילי:** און עליע מיט פיניען וועלן היינט נישט מיטגיין?

**מענדל:** ניין! זיי שטרייקן דאָך! אַלע שניידערס, וויפל עס איז נאָר פאַראַן אין ניו־יאָרק, האָבן אַוועקגעלייגט שער און אייזן און „גוד ביי!" גאַנצע טעג ליגן זיי אָפּ אין זייער יוניאָן.

**מאַטל:** מיר דאַכט זיך, אַז ס'איז גאָר נישטאָ קיין בעסערע זאַך אויף דער וועלט ווי אַ שטרייק. דאָס האָט אַפּנים ווי איר לערנט אין אַ חדר, ווו מע שלאָגט צו שטאַרק, נעמט מען אָפּ די קינדער און מען זוכט אַ נייעם מלמד — און דערווייל הערט מען אויף צו גיין אין חדר.

**מענדל:** איך מיט מאַטלען זיינען איינמאָל געווען אין „האָל" אויף אַ מיטינג, וויי, וויי, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן דאָרטן!

**מאַטל** (טוט אָן ברילן און שפּרינגט אַרויף אויפן טיש און שרייט): דזשענעראַל שטרייק! אַכט און פערציק שעה! יוניאָן!

**מענדל:** מיר אַלע דאַרפן שרייען: „יעס! יעס!"

**אַלע:** יעס! יעס!

**מאַטל:** די גענז פון די פרעס־אייזנס פאַרהאַקן דעם קאָפּ. די אַרבעטער פאַלן אין חלשות, און דערפאַר רעכנט מען נאָך אַראָפּ פון דעם פאַרדינסט.

**אַלע:** יעס! יעס! אָלרייט! (דראָען מיט די פויסטן).

**מאַטל:** אַזוי אַז עס קומט אָפּצונעמען פאַר דער וואָך שכירות, ווערט אַ לאָך.

**אַלע:** יעס! אָלרייט!

**מענדל:** ס'איז אַמעריקע, אַ פריי לאַנד. קאָלומבוס, לינקאָלן!

**אַלע:** קאָלומבוס, לינקאָלן! אָלרייט! (אַלע לאַכן זיך פונאַנדער).

**מאַטל:** אַז איך זע, ווי דער עולם היצט זיך אַזוי, בייסן מיר די הענט. עס ווילט זיך מיר זיי אַלעמען אַראָפּכאַפּן אויפן פּאַפּיר, אָפּ־מאָלן: מיין ברודער עליען, ווי ער שאָקלט צו יעדן איינציקן מיטן

קאָפּ; פּיניען מיט די ברילן, ווי מע שלעפּט אים אַראָפּ פון דער בינע און מע שרייט צו אים: „גענוג! ־שאַראַפּ!״

**אַלע:** שאַראַפּ! גענוג, גרינהאָרן! (כאַפּן מאָטלען פאַרן קאָפּ און די פיס).

(עס לויפן אַריין: ברכה, טייבל, די מאַמע).

**אַלע דריי חייבער:** וואָס פאַר אַ טומל? וואָס פאַר אַ ליאַרעם?

**ברכה:** עס איז נאָך ווייניק דער רעש פון די טראַמווייען און אַלע מאַשינען פון אַמעריקע, דאַרף מען נאָך זינגען די כאַליאַסטרע האָבן אויפן קאָפּ!

**מאָטל:** איך פאַרשטיי נישט, פאַרוואָס געפעלן נישט ברכהן די עלעווייטאָרס? איך וואָלט גאַנצע טעג געפלויגן אויף זיי — דאָ אין די כמאַרעס, דאָ אונטער דער ערד... און ברכה, וויל בעסער גיין צופוס!...

**ברכה:** יאָ, יאָ! הייב מיך נישט און וואַרף מיך נישט!

**מענדל:** אויף דערויף איז דאָך דאָס אַמעריקע, מען זאָל פליען!

**ברכה:** דאַנקען און לויבן יאַשקען דעם טויבן! עס האָט געמעגט קאָלאָמבוסן אַרויסוואַרפן און פּיניען אַריינוואַרפן, איידער זיי האָבן אויסגעטראַכט אַמעריקע! וואָס וואָלט מיך געאַרט, ווען מיר זיצן אין כתרילעווקע און מיר דאַרפן נישט אָנקומען צו די באָסעס (בעלי־בתים) און שאַפּן (וואַרשטאַטן).

**מאָטל:** עס איז דען פאַראַן אויף דער וועלט אַ זאַך, וואָס איז איר געפעלן?

**ברכה:** שווייג, דו, מאָטל מיט די לעפצן! אויך אַ מענטש געוואָרן!

**מאַמע:** שריי נישט, ברכה, פאַרגעס נישט, אַז ער איז אַ יתום. גיי בעסער און דערוויס זיך ווו ס׳זיינען עליע מיט פּיניען. שוין לאַנג געדאַרפט זיין צום אָנבייסן. איך האָב געהערט, אַז עס האָלט דער־ביי, אַז מע הרגעט מענטשן אין גאַס, איז דאָך שוין עק וועלט. ווער ווייסט, וואָס מיט עליען איז געשען!

**טייבל:** ווער ווייסט, וואָס מיט פּיניען איז געשען! (וויינט).

**עליע און פּיניע** (קומען אַריין): וואָס פאַר אַ געוויין? וואָס פאַר אַ יום־כיפּור?

**מאַמע:** אָבער דאָס האָרץ האָט מיר געזאָגט, אַז זיי וועלן קומען בשלום אַהיים! איצט בין איך שוין רויק און איך גיי אין „משיקען״ זאַלצן די „קיטשען״ (אַלע לאַכן).

מאָטל: נישט אין טשיקען זאָלצט מען די קיטשען, נאָר פאַר־
קערט — אין קיטשען זאָלצט מען די טשיקען. ווייל אַ קיך — איז
קיטשען; און אַ עוף — איז טשיקען.
מאַמע: אַ דאגה! ריידעלע יאַך ריידעלע, אַבי דאַברע מיינעלע.
ס׳מעג זיין קיטשען, אַבי ס׳זאָל זיין צום אָנבייסן.
עליע: מאַמע! מע זאָגט נישט אָנבייסן — נאָר ברעקפיס זאָגט
מען.
פיניע: פאַרוואָס הייסט עס עפּעס ברעקפּיס, ווייסטו?
עליע: ווייל צום אָנבייסן גיט מען פיש... אָדער הערינג!
פיניע: דאַרף דאָך דאָס הייסן ברעק־הערינג, פאַר וואָס עפּעס
ברעקפיש?
עליע: בהמה וואָס דו ביסט! און הערינג איז נישט קיין פיש?
פעם: נאַרישע גרינהאָרנס! נישט ברעקפיש, נאָר ברעקפעסט
דאַרף מען זאָגן. אין סקול (שול) האָט מען אונדז שוין געלערנט, ווי
אַזוי מע דאַרף זאָגן!
פיניע: זאָג מיר, אויב אַזוי מיין טיטשער סקולמאַן — און עלע־
ווייטער נעמט זיך נים פון „לייטער״.
מאָטל: פיניע, האָט אַלע מאָל האַלט צו דערגיין, פון וואַנען
אַלץ נעמט זיך.
פיליפ: איר זייט ווי אונדזער באַקאַנטער הייסינער שניידער.
„אָלרייט״, זאָגט ער, שטאַמט פון „אָל״ און „רייט״ „עלים־איילאַנד״
— פון עלים לאַנד, (די כאָליאַסטרע לאַכט).
מאָטל: עליע — געווען אַ נאַר ביז דער סטעליע.
ברכה: כ׳ווייס. אַמעריקאַ איז אַ לאַנד, קיטשען אַ קיך, בוטשער
אַ קצב און ענגליש אַ שפּראַך!
פיניע: פע, ברכה! ענגליש, שעקספּיר, אַמעריקע!
מאָטל: קאָלומבוס!
עלע: וואַשינגטאָן! לינקאָלן!
ברכה: אַ גדולה אויף דער באָבען! פונדעסטוועגן ווערן מיר
אין דער אַמעריקע פאַרפינצטערט אין די שאַפּן.
פייבל: יאָ, מע ווערט פאַרפינצטערט אין די שאַפּן.
ברכה: מען האָט זיך געדאַרפט איינשטעלן דאָס לעבן איבערן
ים און ווערן שניידערס אויף דער עלטער, ס׳האָט טאַקע געלוינט!
פייבל: יאָ, ס׳האָט טאַקע געלוינט צו ווערן שניידערס אויף
דער עלטער!

**מאָטל:** און ווער? פייסי דעם חזנס קינדער! (נאָכשפּעטנדיק מיט א ווייגענדיקער שטימע).

**פיניע:** שניידערייִ פּאַסט זיי נישט! און מיר שטייט אַן אפילו צו נעמען אַ לאַפּעטע און רייניקן ווינטער דעם שניי אין די גאַסן!

**עליע:** ועסטו, איך וואָלט איך געגאַנגען אפילו שניי רייניקן, אָבער נישט אין גאַס.

**פיניע:** וואָס זשע דען וואָלסטו געוואָלט, מען זאָל דיר דיין פּאַר־ציע שניי אין שטוב אַריינטראָגן?

**ברכה:** מסתמא איז דיר גוט אויפן האַרצן, וואָס דו חכמעסט זיך!

**פיניע:** אַוודאי איז מיר גוט, אַז איך דערמאָן זיך, אַז איך בין נישט אין פּאַגראָמען־לאַנד.

**ברכה:** און אַז דו ביסט אַ שניידער־יונג.

**פיניע** (צעהיצט): אַ, איר פינצטערע ווילדע מענטשן, וואָס איר זייט! אַלע מיליאָנערן און מיליאַרדערן האָבן געאַרבעט יונגערהייט שווער און ביטער! ווער אין שאָפּ און ווער אויף דער סטרים! (גאָס). פרעג ביי ראָקעפּעלערן און קאַרנעגין.

**מאָטל** (אונטערזאָגנדיק): ביי מאָרגאַנען!

**פיניע:** און ביי מאָרגאַנען!

**מאָטל:** ביי רוזוועלטן.

**פיניע:** ביי רוזוועלטן און ביי אַנדערע: צי האָבן זיי נישט גע־קערט אַמאָל די סטרים?

**מאָטל:** צי האָבן זיי נישט אַרומגעטראָגן קיין פּייפּערס צו פאַר־קויפן?

**פיליפּ:** ווי איך! פּייפּערס! פּייפּערס!

**פיניע:** צי נעמט, למשל, דעם קעניג פון די אויטאָמאָבילן פאָרדן — איז ער דען נישט געווען קיין שאָפער יונגערהייט? אָדער נעמט, למשל, די פרעזידענטן אַ שטייגער — זיינען זיי דען געבוירן גע־וואָרן פרעזידענטן? צי דער איצטיקער פרעזידענט, רוזוועלט, זאָל מיר מוחל זיין, איז ער נישט געווען קיין מלמד?

**עליע:** ע, פיניע, דו רעדסט שוין גאָר אויף גאָס און אויף לויט. דו פאַרגעסט נאָר נישט, אַז דערווייל איז רוזוועלט מלך.

**פיניע:** כאַ־כאַ־כאַ! וואָס מיר מלך, וואָס מיר קעניג, נישטאָ קיין מלך אין אַמעריקע, אַ פרייע מדינה, אַ דעמאָקראַטישע!

עליע: שאַ, שאַ! איז ער נישט קיין מלך, איז ער פּרעזידענט!
וואָס איז די נפקא־מינה?

פּיניע: סאַ גרויסע נפקא־מינה. אַ מלך איז אַ מלך און אַ פּרע־
זידענט איז אַ פּרעזידענט! ווילן מיר, איז רוזוועלט פּרעזידענט נאָך
פיר יאָר. ווילן מיר נישט — איז ער צוריק מלמד.

ברכה: אַוודאי. באַלד פּרעגט ער אַן אַן עצה ביי דיר דורך אַ
שלאַכט־שמש?

פּיניע: איך קאָן אויך ווערן אַ פּרעזידענט!

עליע: דו — אַ פּרעזידענט?

ברכה: טייבל — אַ פּרעזידענטעכע?

פּיניע: יאָ, איך אַ פּרעזידענט! איך! איך פּיניע — אַ פּרעזי־
דענט! (אַלע לאַכן, פּיניע אָפּ).

עליע: כאַ־כאַ־כאַ, פּיניע דער פּרעזידענט! כאַ־כאַ־כאַ!...

(עס דערהערט זיך אַ קלונג. עס גייט אַריין מאָטל דער גרויסער).

מאָטל דער גרויסער: גוט־מאָנינג לאַנדסלייט!

מאָטל דער קליינער: מאָטל דער גרויסער, זעסט עליע, דאָס
איז מאָטל דער גרויסער! געדענקסט, ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט
מיט אונדז איבער קראָקע, לעמבערג, ווין?

ברכה: אַ, דאָס ביסטו דער ווערגע'ייז, וואָס קען ריידן מיטן
בויך?

עליע: דאָס ביסטו דאָס יענער, וואָס קען אַזוי שיין נאָכשפּעטן,
ווי ריוועלע די בעקערן שפּאַרט זיך ווען דער רעטאַנדע?

מאָטל דער גרויסער: יעס, יעס, לאַנדסלייט. איר געדענקט עס
נאָך ווי איך רעד? יעס. ווילסט מאָטל? לאָמיר עס פּרוון. (הייבט אָן)
...די רעטאַנדע האָט מיר מיין מאַן געמאַכט אין די גוטע יאָרן נאָך...
איצט, אַז ס'איז געוואָרן שלעכט, איז געבליבן. מע זאָל פאַרקויפן
אַלדינג, און פאָרן קיין אַמעריקע. אַז ס'איז געקומען צו דער רע־
טאַנדע, מע זאָל פאַרקויפן די רעטאַנדע, זאָג איך: אַלצדינג וועל
איך פאַרקויפן נאָר נישט די רעטאַנדע! פרעגט מיין מאַן: אויף וואָס
דאַרפסטו די רעטאַנדע? אין אַמעריקע דאַרף מען נישט קיין רע־
טאַנדע! זאָג איך: וואָס הייסט, אויף וואָס דאַרף איך די רעטאַנדע?
וויפל יאָר האָב איך געבעטן גאָט, איך זאָל מיך דערשלאָגן צו אַ
רעטאַנדע. קוים דערלעבט אַ רעטאַנדע. זאָל איך איצט נעמען און
פאַרקויפן די רעטאַנדע?

מאָטל דער קליינער (שטעלט פאָר ווי די מאַמע רעדט מיט ריווע־

לען): אוי, מחותנתטע, ווען איך זאָל וועלן-אַזוי פיל רעדן וועגן מיין בעטנעהאַנט, פון מיינע קישנס, וואָס מע האָט ביי מיר צעזעצט אויף דער גרענעץ, ווי איר פון אייער רעטאַנדע...

מאָטל דער גרויסער: — זאָגט כאָטש להבדיל!

מאָטל דער קליינער: ביי מיר איז דען גנבישע קישנס?

מאָטל דער גרויסער: גנבישע, נים גנבישע, איך בין צונויפּגעפּאַנט נישט געשטאַנען.

מאָטל דער קליינער: מחותנתטע, וואָס איז דאָס ביי אייך פאַר אַ לשון?

מאָטל דער גרויסער: וואָסער געמאַרגן, אַזאַ גומיאַר.

מאָטל דער קליינער: מיט וואָס האָב איך דען אַנגערירט אייער האָנאָר?

מאָטל דער גרויסער: ווער זאָגט דען, אַז איר האָט מיר אַנגע-רירט דעם האָנאָר?

מאָטל דער קליינער: וואָס זשע זאָגט איר „להבדיל"?

מאָטל דער גרויסער: פאַרשטייט זיך, להבדיל! אַז איך רעד פון מיין רעטאַנדע, פאַרט איר מיר אַריין מיט אייער בעטגעוואַנט!

מאָטל דער קליינער: ביי מיר איז דען גנבישע קישנס? (אַלע לאַכן. מען פאַטשט בראַווא).

ברכה: אפשר וועט איר שוין אויפהערן נאָכמאַכן די גאַנצע וועלט? האָבן נישט וואָס צו טאָן מסתמא? ליידיקגייער!

מאָטל דער גרויסער: ניין, איך אַרבעט אַ גאַנצע וואָך. איך האָב אַ דזשאָב (אַרבעט) ביים פרעסן צוקניימשטע הויזן. אַזאַ מאַשין פאַ-ראַן מיט צוויי פרעס-פליגלען. אַ מענטש גיט אַ דריי: טררררר! — איז אויסגעפרעסט אַ פאַר הויזן... און ווער זיינען די דזשענטלמענס?

(עס הייבט זיך אָן אַ פאַרשטעלעניש: סעם, ווילי, פיליפּ).

מאָטל דער קליינער: געדענקסט, איך האָב דיר דערציילט וועגן דער כאַליאַסטרע?

מאָטל דער גרויסער: איז ווו איז פעטעלעטע? און ווו איז קלעצל? און זיין חבר ושתי איז מסתמא אָט דער? און דער דזשענטל-מען ווער איז?

מאָטל דער קליינער: דאָס איז מענדל! זיין חבר!

מאָטל דער גרויסער: כאַ-כאַ! מענדל, פע, פי!

מאָטל דער קליינער: פאַרוואָס עפּעס פע?

מאָטל דער גרויסער: וואָס פאַר אַ נאָמען איז מענדל?

מענדל: ווי אזוי זשע זאל איך הייסן?
מאָטל דער גרויסער: מענדל? וואָרט! מענדל, מענדל... ער דאַרף הייסן מייק, נישט מענדל!
אַלע: דזשענטלמען מייק? אַלריים!
מאָטל דער קליינער: ווי אזוי זשע רופט מען דיך?
מאָטל דער גרויסער: מעקס! יעס!
מאָטל דער קליינער: ווי באַלד אזוי דאַרף איך דאָך אויך הייסן מעקס?
אַלע: גרויסער מעקס און קליינער מעקס! אַלריים!
מאָטל דער גרויסער: אַלזאָ, מיינע לאַנדסלייט, איך בין געקו־מען אייך פאַרלייגן גיין אין קינאָ. מען גיט היינט אַ פילם מיטן סטאַר טשאַרלי טשאַפּלין.
עליע: ווער איז דאָס טשאַרלי טשאַפּלין? עפּעס אַ גרויסער מענטש?
מאָטל דער גרויסער: דער גרעסטער סטאַר!
עליע: מיט וואָס איז ער אזוי גרויס?
מאָטל דער גרויסער: מסתּמא איז ער גרויס, אַז מע צאָלט אים טויזנט דאָלער אַ וואָך.
עליע: וואָס איז ער? אַ ייִד?
מאָטל דער גרויסער: אוודאי אַ ייִד! טשאַפּלין איז אַ שטומער פון געבוירן און ער קען נישט שרייבן און לייענען. זיין טאַטע איז געוועזן אַ שיכור.
עליע: פון וואַנען ווייסטו עס אַלץ?
מאָטל דער גרויסער: געלייענט אין די פּייפּערס.
ברכה: און אפשר איז די גאַנצע מעשה אַ ליגן?
מאָטל דער גרויסער: וואָס הייסט אַ ליגן? אין אַמעריקע איז נישטאָ קיין בלאָף. איך אַליין האָב אים שוין נישט איינמאָל געזען אויפן פילם. יעס! אינגאַנצן אַ שטומער! איך קאָן אים אפילו נאָכ־מאַכן, יעס!
אַלע: ווייז, מאַקע, ווייז, מאָטל, מעקס, ווייז!
מאָטל דער גרויסער (כאַפּט אַרויס אַ פּאָר ואַנטעלעך פון קעשענע און קלעפּט זיך צו): אזוי גייט ער מיטן שטעקעלע, מיט אַרויסגעדריי־טע פיס, דאָס קאַפּעלישל אַנגעדרייט, פּלוצלונג אַ פאַל אין בלאָטע.
אַלע: בראַוואָ! בראַוואָ! כאַ־כאַ־כאַ! לאָמיר גיין זען טשאַפּלי־נען, לאָמיר גיין!

עליע: איך וואלט אויך געגאנגען מיט אייך, נאר מיר שטריקן, איז נישטא אויף קיין מיקעטס אין טעאטער.

מאטל דער גרויסער (מיטן בויך): שלים-מזל!

אלע (קוקן זיך ארום): ווער רעדט עס? ווער האט געשריגן שלים-מזל?

מאטל דער גרויסער (מיטן בויך): אידיאט!

(מען זוכט אונטערן בעט, אויף דער שאפע, אין אויוון).

אלע: ווער קען עס שרייען?

מאטל מיט מענדלען (פארשטייען אלץ און לאכן זיך פונאנדער)!

עליע: וואס לאכט איר? נעמט זיך אראפ א מוסר פון אייער חבר מעקסן. א בחורל גלייך מיט אייך, פארוואס לאכט ער נישט?

מאטל דער גרויסער (מיטן בויך): ווייל ער איז נישט קיין שלים-מזל!

ברכה: וואס איז געשען? אין אמעריקע ריידן אפילו די שטויי-נער, די ווענט און די פאדלאגע!

(א געלעכטער. עליע כאפט זיך באלד אויף, אין וואס עס גייט).

עליע: א, דאס ביסטו, ווערגעלעץ! נאר פארגעסן, אז דו ביסט א מייסטער אויף בויך-רעדעריי. ווען נישט אין אמעריקע, דריי איך דיר איצט ווי געהעריק אן פארן אויער.

מאטל דער גרויסער (מיטן בויך): לעבן זאל אמעריקע! (אלע זינגען דעם אמעריקאנער הימן).

(פארהאנג)



# די פאָן

## אינסצענירט: זלמן הירשפעלד

אין דריי בילדער

**פאַרשוינען:** יינגלעך: קאָפּעלע — יאָליק — נחמיה — וועלוועלע — בערעלע — משה. רב זיאַמע סטאָליער; אַ ייד; יצר טוב; יצר הרע; יידן; יידענעס; קינדער.

## ערשטער בילד

(אַ גאַסל אין כתרילעווקע; אַ קאַפּעטע יינגלעך גייען פון חדר מיט טומל און ליאַרעם; דער לעצטער גייט קאָפּעלע).

18 חדר יינגלעך (זינגען און שרייען):

„איינע ביינע, סטופּע צייגע,
אַרצע באַרצע, גאָלע שוואַרצע,
איימעלע ריימעלע, ביינעלע פייגעלע האָפּ!"

העלהל: זעט נאָר חברה — פּליעצל! „טאָפּעלע טוטעריטו" זינגט נישט!

אַלע: זינג, טאָפּעלע, זינג!

קאָפּעלע:

„איינדע ביינדע, סטופּע ציינדע,
אַרצע צאַרצע, דאָלע שוואַרצע...
ביידעלע פיידעלע האָפּ!"

העלהל: הערט נאָר אַ לשון: ביידעלע, פיידעלע; אי טאָפּעלע (ער גיט אַ קריי) טוטעריטו!!!

אַלע (קרייען): טוטעריטו!!! טוטעריטו!!!

(עס קומען אָן צוויי יידן: רב זיאַמע סטאָליער און נאָך אַ ייד). חברה צעלויפן זיך, דער לעצטער גייט בערעלע).

(ר' זיאַמע פאַרהאַלט בערעלען).

ר' זיאַמע: היי — דו ווייסער־חברהניק, שקאָץ איינער! וואָס

האָט איר צו אים? פּאַרוואָס מאַכט איר חוזק פון אים? פּאַרוואָס רופט איר אים „מוטערישו"?

בּערעלע: דערפאַר וואָס ער הייסט קאַפּל און ער קען נישט אַרויסריידן נישט קיין קוף, נישט קיין כף און נישט קיין גימל, און דערפאַר וואָס ער רעדט אויף אַ דין קוויטשיק קולכל ווי אַ יונג האָנעכל, וואָס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן צו קרייען; — טאַפּעלע מוטערישו!!! (לויפט אַפּ).

ר' זיאַמע: נו, דעריבער איז וואָס? דעריבער גייען קאַטשקעס באַרוועס? ער קען נישט רעדן — נו, באַדאַרף מען אים אויסלערנען. קום נאָר אַהער, יינגעלע, צו מיר. ווי אַזוי רופט מען דיך?

קאַפּעלע: מיך? — טאַפּל.

ר' זיאַמע: אַ, טאַפּל! דו מיינסט אַוודאי קאַפּל? יאָ — אָבער וועלכער קאַפּל? ס'איז דאָ ברוך השם ביי אונדז אין כתריאלעווקע אַ סך קאַפּלס...

קאַפּל: איך בין טאַפּל דיטל טלמנס!

ר' זיאַמע: ווי אַזוי זאָגסטו?

קאַפּל (שטאַרקער): טאַפּל דיטל טאַלמענס! מיין טאַטע הייסט טלמן, און די מאַמע — דיטל טלמנס!

ר' זיאַמע: העכער אַ ביסל! אויף אַ קול! שריי העכער!

קאַפּל (נאָך שטאַרקער): טאַפּל דיטל טלמנס!!!

ר' זיאַמע: נאָך העכער!

קאַפּל (גאָר הויך, שרייט כמעט מיט אַ געוויין): טאַפּל דיטל טלמנס!!!

ר' זיאַמע: שאַ, שריי נישט אַזוי! כ'בין נישט טויב! און ביי וועמען אין חדר לערנסטו?

קאַפּל: ביי וועמען איך לערן? ביי דרשון דאָרדל דרדטי פון דאַלאַדאַנעווטע.

דער ייד (צעלאַכט זיך): הער נאָר אַ לשון. כ'פאַרשטיי נישט קיין וואָרט.

ר' זיאַמע: וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט, ער רעדט דאָך דאַכט זיך קלאָר... ווי אַזוי זאָגסטו הייסט דיין מלמד?

קאַפּל (שרייט): ר' דרשון דאָרדל דרדטי פון דאַלאַדאַנעווטע.

ר' זיאַמע: אַ! דאָס הייסט גערעדט קלאָרע דבורים; איצט פאַרשטייט איר שוין — ער לערנט ביי ר' גרשון דרדקי פון גאַלאַנאַנעווקע. (דער ייד קאַטשעט זיך פאַר געלעכטער). וואָס פאַר אַ געלעכטער אויף אייך? נישטאָ וואָס צו לאַכן. וואַרט נאָר צו איין מינוט,

וועט איר זען, אז ער וועט ביי מיר רעדן ווי א מענטש; קוק אויף מיר יינגעלע און זאג מיר נאך ווארט ביי ווארט: „און קוצין בן קוצין קצוצי לקצין"!

קאפל: און טוצין בן טוצין טצוצי לטצין!

ר' זיאמע: נישט אזוי, דו קוק מיר גלייך אין מויל אריין און זאג מיר נאך: „יומם השמש לא יככה וירח בלילה".

קאפל: „יומם השמש לא יטטה וירח בלילה".

ר' זיאמע: ניין, נארעלע, נישט „יטטה" נאר „יככה". דו זאג נישט „יטטה" נאר „יככה", „יככה", „יככה", „יככה"!

קאפל: יטטה, יטטה, יטטה! (דער ייד לאכט).

ר' זיאמע: ווייסט איר וואס, ר' חיים, וואס איך בין דערגאנגען? ארויסגעווארפן די טרחה! אים וועט שוין קיין טאטער אויך נישט העלפן — און אייביקער קאליקע... (דער ייד גייט אפ לאכנדיק).

קאפל (פון דאנען און גיבן מיר איבער קאפלס רייד מיטן ריכטיקן אויסלייג, כדי עס זאל זיין פארשטענדלעך און לייכט צו לייענען. ביים שפילן אבער דארף קאפל רעדן מיט א „אַ" און „ד" אנשטאט אַ „ק" און „ג"): זאל ער לאכן, וואס ארט עס מיך? אבי מיר איז גוט, אבי איך האב אין קעשענע צוויי און צוואנציק קאפיקעס. — א זילבערנעם צוואנציקער און נאך צוויי קאפיקעס.

ר' זיאמע: פון וואנען קומט צו דיר אזא אפותיקא? 22 קאפיקעס? א פרייץ האט פארלוירן און דו האסט געפונען?

קאפל: איך האב דאס געלט כשר פארדינט, פארהארעוועט מיט מיינע אייגענע... מיט מיינע אייגענע פיס! איך האב פורים ארומגעטראגן שלח-מנות, האב איך פארדינט 22 קאפיקעס!

ר' זיאמע: קיין עין-הרע! אזא אפותיקא! וואס וועסטו טאן מיט אזוי פיל געלט? 22 קאפיקעס. כא-כא-כא! (אפ).

קאפל: איך ווייס שוין וואס צו טאן מיטן געלט!!!

(עס באווייזט זיך אין הינטערגרונט דער יצר־הרע אין שווארצן געקליידט — פון לינקס; באלד דערנאך, דער יצר־טוב — אין ווייסן — פון רעכטס. קאפעלע זעט זיי נישט).

יצר־הרע: פאלג מיך, קאפעלע, קויף דיר גוטע זאכן, קויף דיר פלעדעלער, האניק-פארפל, אדער כאטש א געפרוווערנעם עפל!

קאפל: און איין טאג אויפעסן, פארנאשן דאס גאנצע געלט?

יצר־טוב: גערעכט, קאפעלע! א סך גלייכער שוין אפגעבן דער מאמען די עטלעכע קאפיקעס! איר וועט עס צונוץ קומען!

**קאפּל:** אַ חכם! לייגן דער מאַמען? מ׳זאָל זיין פאַרפאַלן? ווי וועם זי נעמען אויף אָפּצוגעבן?

**יצר־טוב:** די מאַמע דיינע האַרעוועט נעבעך אַזוי שווער, זי צאָלט פאַר דיר ־ שכר־למוד.

**יצר־הרע:** כאַ־כאַ־כאַ, שכר־למוד! וואָס גהער זיך אָן מיט דיר שכר־למוד? קויף דיר בעסער אַ פייפעלע, אַ מעסערל אַ שאַרפס, אָדער גאָר אַ בייטעלע מיט אַ שלעסל.

**יצר־טוב:** אַ בייטעלע? וואָס וועסטו האַלטן אין בייטעלע, דעם דלות?

**יצר־הרע:** קנעפּלעך וועסטו האַלטן! וועסט אָנשטופּן אַ פולן בייטעלע מיט קנעפּלעך, וועט מען מיינען אַז ס׳איז געלט, וועלן דיר אַלע יינגלעך מקנא זיין...

**יצר־טוב:** וואָס וועט דיר אַרויסקומען פון דעם? פאָלג מיך, צע־טייל דאָס געלט פאַר אָרעמעלייט — טו צדקה, וועסטו פאַרדינען אַ מצווה. אָרעמעליים נעבעך גייען אוים פאַר הונגער...

**יצר־הרע:** אָרעמעליים? ביסט אַליין אַן אָרעמאַנס אַ יינגל. ביסט אַליין תמיד הונגעריק. פאַרוואָס האָט דיר קיינער נישט גע־געבן, אַז דו האָסט נישט געהאַט, נישט היינט געדאַכט?

**קאַפּעלע:** אַוודאי אַזוי! אָט גייט יואליק דעם נגידס יינגל — ער עסט אַלע טאָג קאָנפעקטן, קנאַקט ניסלעך, ער עסט ווייסע בולקע אַלע טאָג, ער עסט חלה אײַנגעדרוואַכן, און איך אַפילו נישט קיין שטיקל שוואַרץ ברויט צו דער זעט.

**יצר־הרע:** אַוודאי אַזוי, ער האָט אַ מעסערל, ער האָט אַ ביי־טעלע, אַ פייפערל, אַ שטעקעלע, נו, גיט ער דיר עפּעס? אַ פייג! זיין טאַטע איז דאָס דער נגיד — און דיין טאַטע אַן אָרעמאַן — אַן אונטערשמש... קאַפּעלע, דו ביסט אַ וווּיל יינגל, איך האָב דיך ליב דערפאַר.

(יואליק קומט פון לינקס, חזרט איבער די לעצטע ווערטער פון דעם יצר־הרע).

**יואליק:** קאַפּעלע, דו ביסט אַ ווילער יינגל — כ׳האָב דיך ליב דערפאַר... דערפאַר וואָס דו בעטלסט נישט אַזוי ווי אַנדערע: גיב מיר אַ שטיקל, גיב מיר אַ פּיצעלע! אַ שטיקל קאָנפעקט ווילסטו?

**קאַפּל:** אַ שטיקל קאָנפעקט? פאַרוואָס נישט?

**יואליק:** נו, און אַ צוויי ניסלעך וואָלסטו געקנאַקט?

**קאפל:** פארוואס נישט? ווען כ'זאל האבן וואלט איך אוודאי געקנאקט!

**יאליק:** וועל איך דיר געבן א האלב שטיקל מאו"מעלאד און דריי ניסלעך, אויב דו וועסט זיך מיט מיר בייטן... איך וועל דיר געבן דאס מעסערל מיינס און דו וועסט מיר געבן דיין זילבערנעם פערציקער — די 20 קאפיקעס.

**יצר־הרע:** נעם, קאפעלע, ס'איז אן אנטיק פון א מעסערל, נעם!

(קאפעלע וויל שוין ארויסנעמען דאס געלט).

**יצר־טוב:** ניין! קאפעלע, גיב נישט! חלילה!

**קאפל:** אוודאי וועל איך נישט געבן! חכם, פאר 20 קאפיקעס קען איך דאך מיר קויפן א ניי מעסערל!

**יאליק:** אזא מעסערל? פורים געבן קאלטן קוגל! שא, ווייסטו וואס? איך גיב דיר נאך צו נאך א האלב טוץ קנעפלעך.

**קאפל:** פאר געלט קאן מען קויפן צען טויזנט טוץ קנעפלעך!

**יאליק:** איך זאג דיר צו, אלע מאל, ווען דו וועסט בעטן גיב איך דיר ניסלעך און קאנפעקטן — ווי איך בין א ייד! אט האב איך א טשוואק, זעסט? שענק איך דיר אפילו אוועק דעם טשוואק אויך אומזיסט.

**קאפל:** וואס דארף איך טשוועקעס?

**יאליק:** נארעלע, ער וועט דיר צונוץ קומען. קאנסט אים ארייני שלאגן ווו דו ווילסט, קאנסט מיט אים אויסגראבן א גריבל.

**קאפל:** צו וואס דארף איך גראבן גריבלעך?

**יאליק:** נו, וועל איך דיר לאזן דאווענען אין מיין נייעם סידורל!

**קאפל:** וואס דארף איך עפעס דאווענען אין פרעמדע סידורים?

**יאליק:** נו — וועל איך דיר געבן אנטעסטן מיין שבתדיק קאשקעטל!

**קאפל:** וואס טויג מיר מעסטן פרעמדע קאשקעטלעך?

**יאליק:** ווילסטו נישט? — טא נא זשע דיר, קבצנישע קישקע! (ער דערלאנגט אים א בוכענצע; עס קומט אן נחמיה — אן ארעם היני קעגדיק חדר־ייגנל). זעסט, נחמיה, איך גיב אים א מעסערל מיט קנעפי לעך, מיט ניסלעך און א טשוואק און א סידורל און א קאשקעט — וויל ער נאך נישט! נא דיר, נחמיה, איך שענק דיר אוועק דעם טשוואק! ער מיינט אז ער פארמאגט 20 קאפיקעס, איז ער שוין א גאנצער קניאקער! ווארט אויס, וועסט נאכאמאל אנקומען צו מיר — טאפעלע טוטעריטו! (אפ בייז).

נחמיה: קאפעלע, וואס וועסטו טון מיט דיינע 20 קאפיקעס?
קאפל: כ'וועל דאס געלט באהאלטן אויף ל"ג בעומר צו דער סעודה; אלע קינדער ברענגען עפעס אין חדר אריין — ווער געלט, ווער א נאשעריי, נאר איך קום ל"ג בעומר ווי שטענדיק מיט א שטיקל ברוים מיט קנאבל.
נחמיה: וויפל געלט וועסטו געבן צושטייער אויף דער סעודה?
קאפל: אז יואליק דעם נגידס יינגל גיט 5 קאפיקעס, וועל איך געבן 10 קאפיקעס! נו — איז גוט?
נחמיה: וועט דיר נאך אלין בלייבן 12 קאפיקעס! וואס זשע וועסטו טון מיטן געלט?
יצר־הרע: קויף דיר גרינע אגרעסן, רויטע ווייספערלעך... א מחיה, מעם גן־עדן (נחמיה חזרט איבער די לעצטע ווערטער פון יצר־הרע).
קאפל: גיי שוין גיי — פון גרינע פרות ווערן היילק די ציין!
יצר־הרע: מאך א ברכה — שהחיינו! עס איז א מצווה!
נחמיה: מאכן שהחיינו איז א גרויסע מצווה.
קאפל: שהחיינו מאכן וועל איך נאך ציים האבן, דער זומער איז גרוים, עס וועט נאך זיין ווייכשל און פלוימען און עפל און בארן און דיניעס און קאוואנעס. — איך וועל בעסער איבערלאזן דאס געלט אויף סוכות, זיך קויפן אויף שמחת־תורה א פאן!
נחמיה: א פאן? א גרויסע? א געלע? א צווייזייטיקע? מיט צווי לייבן?
קאפעלע: אוודאי, מיט צווי לייבן מיט אפענע מיילער, מיט שופרות, און פון דער צווייטער זייט — די פארטרעטן פון משה רבנו און אהרון הכהן און ארום זיי טאנצן יידעלעך מיט ספרי־תורהס אין די הענט און זיי זינגען: „שישו ושמחו בשמחת תורה". יא, איצט ווייס איך שוין וואס איך וועל טון מיטן געלט! כ'וועל מיר קויפן א פאן אויף שמחת־תורה!

(פארהאנג)

## צווייטער בילד

(פארן פארהאנג קומט ארויס קאפעלע מיט א פאן נאר דערווייל אן א שטעקל).

קאפל: אט האב איך שוין א פאן! איצט דארף מען האבן א שטעקל! דארף מען בעטן ביי ר' זיאמע סטאליער. (ער רופט) ר' זיאמע!

ר' זיאמע: א, ס'קאצל קומט, שלום עליכם א גוטער ייִד, א האלבן פּנים אפּגעבריים! נו, קאפּעלע, קענסט שוין רעדן ווי א מענטש?

קאפּל: אוודאי קען איך שוין — ר' זיאמע, — כ'האב צו אייך א בק... ק... ק... ב- ק- שה (ער שטרענגט זיך אן ארויסצורעדן גוט דעם קוף).

ר' זיאמע: אט אזוי האב איך דיך ליב! רעדסט ווי א פּאלנער מענטש; — אדם — א מענטש, קאטשקע רוק זיך. וואס פאר א בקשה האסט איך צו מיר, ר' קאפּעלע?

קאפּל: כ'דארף האבן צו דער שמחת-תורה-פאן א שיין שטע- — טעלע!...

ר' זיאמע: א גאנצע שטעטעלע דארפסטו האבן — אפשר וועט דיר זיין גענוג א דערפעלע נישט קיין שטעטעלע?

קאפּל: ניין — נישט דאס מיין איך — איך ווייסט דאך וואס איך מיין, איך מיין א שטע... ט... ט.... טעלע פון א שטיקל האלץ מען זאל קאנען טראגן די פאן.

ר' זיאמע: טא וואס זשע זאגסטו א שטעטעלע? זאג א שטעק... ק... קעלע נישט קיין שטעטעלע, ווייל א שטעטעלע איז כתרילעווו- קע, מאזעפעווקע, גאלאגאנעווקע! זאג: א שטעקקקעלע! איך דארף א שטעקעלע!

קאפּל: איך דארף א שטעטעלע!

ר' זיאמע: עקשן — האסט דאך נאר וואס געזאגט „בקשה" האב איך געמיינט דו רעדסט שוין טאקע ווי א מענטש... זאג א שטעקעלע!

קאפּל: נו — זאג איך דאך א שטעטעלע — כ'מיין א שטע... ט... דאס וואס איך מיינט! כ'זאל קאנען ארײנשטעקן די פאן אין שטעטעלע.

ר' זיאמע: נישט ארײנשטעקן אין שטעטעלע, נאר ארײנשטעקן אין שטעקעלע.

קאפּל: אט, אט, אט — דאס מיין איך טאקע!

ר' זיאמע: נו גוט, אט גיב איך דיר א פיין שטעקעלע נאר בתנאי אז דו זאלסט רעדן ווי א מענטש.

קאפּל: אוודאי זאג איך אייך צו, אם ירצה השם נאך שמחת-תורה וועל איך אנהייבן רעדן ווי א מענטש.

ר' זיאמע: אט אזוי האב איך דיך ליב! (ער נעמט שניצן א שטעקל)

דאָס וועט זיין אַ שטעקעלע אַזוינס און אַזעלכעס! פּרימאַ שבפּרימאַ!
נו, און אַן עפּל מיט אַ ליכטל האָסטו שוין?

**קאַפּל:** (נעמט אַרויס פון קעשענע אַן עפּל): אַוודאי האָב איך! און אַ ליכטעלע האָב איך, נישט פון חלב, נאָר פון וואַקס!

**ר' זיאַמע:** אַ ליכטעלע פון וואַקס מיינסטו? פאַרוואָס פון וואַקס?

**קאַפּל:** יאָ, ווארום חלב איז טריף, אַז עס וועט אַרויפטריפן אויפן עפּעלע, איז פאַרפאַלן דאָס עפּעלע, מען וועט אים נישט מאָרן עסן, אָבער וואַקס איז נישט טריף, וואַקס איז כשר.

**ר' זיאַמע:** אַוודאי איז וואַקס כשר. פונוואַנען האָסטו גענומען וואַקס, פונוואַנען?

**קאַפּל:** מיין טאַטע ר' קלמן איז דאָך דער שמש אין אונטערשטן קלייזל פון דער קצבישער קלויז, איז וואָס עס בלייבט נאָך יום־כּיפּור פון די ליכט געהערט עס צום טאַטן, ער מאַכט פון דעם געפלאָכטענע הבדלות, און וואָס עס פאַלט אַראָפּ פון די הבדלות — געהער עס צו מיר.

**ר' זיאַמע:** נאָ, אָט האָסטו אַ פיין שטעקעלע און פאַרניין עס געזונטערהייט!

**קאַפּל:** אוי ר' זיאַמע, זייט איר אַ טייערער סטאָליער! איר זייט דער בעסטער סטאָליער פון אַלע סטאָליאַרעס!

**ר' זיאַמע:** אַ וואָזשנע מציאה — אַ סטאָליער! אַ מענטש, פאַרשטייסטו מיך, איז געגליכן צו אַ סטאָליער, אַ סטאָליער לעבט און לעבט ביז וואַנען ער שטאַרבט, און אַ מענטש לעבט אויך ביז וואַנען ער שטאַרבט. נו, גיי שוין געזונטערהייט! ביי די הקפות, קאַפּעלע, וועלן מיר זיך זען... (זיי זינגען ביידע) עוזר דלים הושיעה נאַ!

(פאָרהאַנג)

## דריטער בילד

(אין שיל שמחת־תורה צו די הקפות, אַ סך ייִדן, קינדער, ווייבער און מיידלעך, מען זינגט אַ יום־טובדיקן ניגון).

**בערעלע:** זעט נאָר חברה־פּלעצל! מאָטעלע טוטעריטו מיט אַ פאָן! מזל טוב!

**חעלזול:** זעט נאָר אַ פאָן מיט אַ געטאַקט שטעקעלע, מיט אַן עפּל, מיט אַ וואַקסן ליכטעלע!

נחמיה: קיינער האָט נישט אונז געראָטן ליבטל, וואָרום ווער,
פאַרכאַפּט עס אַזוי פיל וואַקס ווי דעם שמשס יינגל — קאַפּעלע!
תהלהל: אַי, האָט ער אַריינגעכאַפּט פעטש מיט סטוסאַקעס פון
זיין טאַטן בשעת ער האָט אים געפּאַקט קלייבנדיק די שטיקלעך
וואַקס פון די צעשמאָלצענע יום-כיפּורדיקע שטיקלעך ליכט!
בערעלע: מזל טוב דיר קאַפּעלע מיטן פענדעלע, ער קריים
קוקוריקו ווי אַ הענדעלע! (אַלע לאַכן און זינגען):
אַלע: מזל טוב קאַפּעלע מיטן פענדעלע,
ער קריים קוקוריקו ווי אַ הענדעלע! (עס קומט אַן יואַליק).
נחמיה: זע נאָר יואַליק, וואָס פאַראַ שיינע פאָן קאַפּעלע האָט!
יואַליק: אַנו ווייז נאָר אַהער. (ער באַטראַכט פאַרגאַפט. — קאַפּעלע
באַטראַכט יואַליקס פאָן).
קאַפּל: כאַ-כאַ, אויך מיר אַ פאָן!
יואַליק: ווו האָסטו גענומען אַזאַ שיין שטעקעלע?
קאַפּל: האַ?
יואַליק: ווו האָסטו דערטאַפּט אַזאַ משאָקעדיק שטעקעלע?
קאַפּל: וואָס איז דען? ווילסט זיך אפשר מיט מיר בייטן אויף
דיין אייזערנעם משוואָק?
יואַליק: וואָרט דו שנאָרער איינער! נחמיה, קום נאָר אַהער.
(יואַליק מיט נחמיהן סודען זיך. ער גיט איבער נחמיהן זיין פאָן, נחמיה
גייט צו צו קאַפּעלען).
נחמיה: קאַפּעלע! זיי אַזוי גוט, גיב מיר אָנצינדן דאָס ליכטל,
מיינס האָט זיך פאַרלאָשן.
קאַפּל: ס'איז דען דיין פאָן? איך ווייס דאָך וועמענס פאָן דאָס
איז... (ער צינדט אים אָן דאָס ליכטל... קאַפּעלעס פאָן הייבט אָן ברענען).
געוואַלד! געוואַלד! אוי וויי! מיין פאָן! מיין פאָן! פאַרוואָס? פאַר-
וואָס? רבונו של עולם, פאַרוואָס קומט עס מיר? פאַרוואָס און פאַר
וועמען? (ער צעוויינט זיך, פאַלט אויפן דיל).
ר' זיאַמע (קומט אַן): קאַפּעלע! וואָס איז דיר? ווער האָט עס דיר
געטון? אוי, אַ פּאַהיבל זאָל אויף זיי קומען!
קאַפּל: מיין פאָן, מיין שיינע פאָן...
ר' זיאַמע: וויין נישט, קאַפּעלע, היינט איז שמחת-תורה, טאָר
מען נישט וויינען, היינט מוז מען זיך פריידען, טאַנצן, זינגען!
נישט געדאַגהט קאַפּעלע-סערצע, איבעראַיאָר וועל איך אַליין
שוין פאַרשאַפן אַ פאָן, דאָס וועט זיין שוין איינמאָל אַ פאָן,

אַ שענערע ווי דײַ, מיט אַ שענערן שטעקעלע, מיט אַ שענערן, וויטערן עפּעלע... און עס וועט זײַן

„עוזר דלים הושיעה נא,
פּודה ומציל הצליחה נא,
צור עולמים עננו, ביום קראנו".

(אַלע יידן גייען מיט הקפות און מיט געזאַנג). ווי איך זאָג דיר, שוין איינמאָל אַ פאָן!

קאַפּל (וויינענדיק): יאָ, ר׳ זיאַמע, אָבער היינט... היינט האָבן אַלע קינדער, יעדער זײַן פאָן... און איך, איך האָב נאָר אַן אָפּגעברענט שטעקעלע!...

ר׳ זיאַמע (טראַכט אַ ווײַלע, דערנאָך רופט ער צו איינעם פון די יינגלעך): משה, קום נאָר אַהער!

משה: וואָס איז ר׳ זיאַמע?

ר׳ זיאַמע: משהלע, דו ביסט דאָך אַ וווילע יינגעלע, טו זשע מיר אַ טובה און גיי אַרײַן צו גרשון דעם מוכר־ספרים, דו ווייסט דאָך ער וווינט דאָ באַלד. זאָג אים, אין מײַן נאָמען, אַז ער זאָל דיר געבן אַ פאָן פון די, מיט די גילדענע אותיות, פאַר וועלכע איך האָב אים געמאַכט די געשטאָקטע שטעקעלעך! (צו קאַפּלען) האָסט מזל. איך זע אים נאָך נישט אין קלויז, איז אַ סימן אַז ער איז נאָך אין דר׳היים...

משה: איך לויף שוין!

(אַלע וואַרטן. אין אַ ווײַלע אַרום קערט זיך אום משהלע מיט אַ שיינער־פּרעכטיקער פאָן און, סאָפּענדיק, גיט ער זי ר׳ זיאַמען און פרעגט דערבײַ): איך האָב מיך געיאָגט?

ר׳ זיאַמע (גיט אים אַ קניפּ אין בעקל): ביסט אַ וווילער יינגל! (ער גיט קאַפּלען די פאָן) נאַ דיר, קאַפּעלע, נאָך אַ שענערע פאָן, און לאָמיר אַלע זײַן פריילעך און זינגען! היינט איז דאָך שמחת־תורה!

(אַלע זינגען: „קינדער מיר האָבן היינט שמחת־תורה...).

(פאָרהאַנג)

Se terminó de imprimir el 10 de Agosto de 1959, en los Talleres Gráficos de ZLOTOPIORO HNOS. calle San Luis número 3149. Buenos Aires.

**100 AÑOS** (1859 — 1959)

**SCHOLEM ALEIJEM**

# CUENTOS
## Y
# ESCENIFICACIONES

PARA LOS GRADOS SUPERIORES



CONSEJO CENTRAL DE EDUCACIÓN ISRAELITA
EN LA REPUBLICA ARGENTINA

Buenos Aires 19[illegible]